מענדל טעמפּעל

# די שדים=אָויערע
## און אַנדערע דערציילונגען

פאַרלאַג:


וואַרשע

MENDEL TEMPEL

# JEZIORO DUCHÓW

*Redaktor: SZ. BELIS*
רעדאַקטאָר: ש. ב ע ל י ס

*Okładka i ilustracje: R. CHWOLES*
הילע און אילוסטראַציעס: ר. כ וואָ ל ע ס

Printed in Poland

WYDAWNICTWO „IDISZ BUCH"
WARSZAWA, NOWOGRODZKA 5

Nr zam. 414. Nakład 2500 egz. Druk ukończono w lipcu 1962 r.
Ark. druk. 12, ark. wyd. 5. Papier rotogr. II kl. 80 g, 61×86 cm
Druk. RSW „PRASA", Tarczyńska 8 H-90

טאַטע=מאַמע און דער שוועסטער לאהלען
אומגעבראכטע
דורך די היטלעריסטישע רוצחים,
געווידמעט

דאָרט, ווו עס ענדיקט זיך דאָס שמאָלע בית־המדרש־געסל מיט זיינע האַלב־איינגעפאַלענע חורבות, לאָזט זיך אַראָפּ צו דער ווייסל אַ שטאַרק משופּעדיקער ברעג, אַ באַוואָקסענער מיט אַלטע דיקע שטאַמען. דורך די געדיכטעביימער פינקלען דורך שטיקער ווייסל־זילבער, וואָס לאַקן, ציען, רופן... לאָזט זיך אַראָפּ אונטן, אַנטפּלעקט זי זיך דעמלט אין איר גאַנצער פּראַכט, די ווייסל — אַ רחבותדיקע, אַ פולע, אַ רואיקע.

פון דאַנען אויף אַ מהלך פון אַן ערך צוויי וויאָרסט הייבט זיך אָן דער ברעג אַראָפּצולאָזן אַלץ נידעריקער און נידעריקער, און, אויסגלייכנדיק זיך לסוף מיט דער ווייסל־פלאַך, שפּרייט ער זיך אויס אין אַ גרויסן גרינעם טעפּיך. די ווייסל, דערשפּירנדיק טיפקייטן, האָט זיך מטריח געווען און אָפּגעקערט פון גלייכן וועג אַ ביסל אויף רעכטס, אַריינגעשניטן זיך אינעם גרינעם פעלד, איבערגעלאָזט אין אים אַ זכר און ווייטער געשניטן איר געווינלעכן וועג. נאָכדעם הייבט זיך דער ברעג בהדרגה ווידער אויף, רינגלט אַרום דעם וואַסער־איינגוס פון אַלע זייטן, שאַפט אַזוי אַרום אַ פאַרמאַכטע אָזיערע, איבערלאָזנדיק בלויז אַ שמאָלן טויער צו דער ווייסל.

אַרום אָט דער אָזיערע, אויף אירע ברעגן, האָט זיך צעשפּרייט דער פאָלוואַרק פון דעם אַלטן דייטש שמידט

און אין דער הויך איינגעטונקען אין סעדער שטייט א סודותדיק ווייס הויז מיט א שפּיציקן דאַך, געדעקט מיט רויטע דאכלקעס.

פון קדמונים האָט די אָזיערע א שלעכטן שם אין שטעטל. מע רופט זי נישט אנדערש ווי די שדים־אָזיע־רע. פאַרוואָס? טאָ הערט:

א גאַנצע וואָך איז זי אַ פּשוטע אומשולדיקע אָזיע־רע, ווי אַלע אָזיערעס, נאָר אז עס קומט שבת־צונאַכטס —טוט זיך דאָרט חושך. פון אַלע ימים—פונעם שוואַרצן, פונעם פאַרגליווערטן, פונעם טייך סמבטיון — קומען זיך צונויף די וואַסער־שדים און האַלטן דאָ אָפּ זייערע אסיפות, טאַנצן, הוליען, פּראַווען אָרגיעס. אין די זו־מערדיקע שבת־צונאַכטסן הערן זיך פון דאָרטן אויף א גרויסן מהלך גרוויליקע קולות: א מיאוקען, א בילן, יאָ־מערלעכע געוויינען, ווילדע געשרייען, און טיילמאָל — געזאַנגען, וואָס ציען ממש ארויס די נשמה פון מתיקות, און ווי איז צו דעם בשר־ודם, וואָס קאָן נישט ביישטיין דעם נסיון און לאָזט זיך, חלילה, אריינגאַרן פון דעם דאָזיקן געזאַנג, בפרט נאָך ווען די ציצית זענען ביי אים פּסול, און ווען ער קען נישט דעם שם־המפורש... וועגן קומען צו קבר ישראל — מעג ער שוין פאַרגעסן. — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —

שוין קליינערהייט האָט נח זיך אָנגעהויבן חברן מיט דער ווייסל, זי שטאַרק ליב געקריגן. ווען דער טאַטע, עליו השלום, האָט נאָך געלעבט, פלעגט ער אים יעדן

פרייטיק מיטנעמען אויף טבילה לכבוד שבת. שווימען האָט נח זיך גיך אויסגעלערנט, די תורה האָט ער דווקא לייכט באַנומען. ווי א פישעלע פילט ער זיך אין וואסער, לייכט, רירעווודיק. און דערפאר טאַקע האָט מען אים א נאָמען געגעבן „דאָס קאַרעסל"... שפּעטער איז ער מפורסם געוואָרן אלס דער בעסטער שווימער אין שטעטל. ער האָט געקענט די ווייסל פון איין עק ביזן אַנדערן: פון חיימס קוזשניע ביז דער שדים־אָזיערע. א־פילו דעם אָפּגרונט מיט אלע זיינע גריבער און בערג־לעך האָט ער געקענט נישט ערגער, ווי זיין בית־המדרש־געסל. ווער קען נאָך אזוי ווי ער זיצן אויפן וואסער — פשוט זיצן — אָט אזוי אָ... אָדער גיין פיס־טריט, אָדער האלטן זיך אונטערן וואסער ביז הונדערט?

נח האָט אמאָל באוויזן א שפּיצל, וואָס עד־היום דערציילט מען עס נאָך מיט התפּעלות:

א הייסער זומער־טאָג. פרייטיק נאָכמיטאָג. כמעט דאָס גאַנצע שטעטל יידן איז אראָפּ צו דער ווייסל א־ראָפּוואַרפן פון זיך די וואָכעדיקייט. ארומוואשן און איבערטאָן זיך לכבוד שבת. אויפן ברעג איז טומלדיק, רעשיק. יידן האלטן זיך לויט זייער שטאַנד: באלעבא־טישע יידן האָבן זיך זייער ערטעלע, בעלי־מלאכות בא־זונדער, יונגווארג אויף אן אנדער אָרט, פּונקט ווי, להבֿ־דיל, אין בית־המדרש... די שטעטלשע יידן שמען אויף דער וועלט אלס גוטע שווימער. און אויב ס׳טרעפט זיך א ייד, וואָס קען נישט שווימען און שטייט ביז די קני אין וואסער, אָדער האלט זיך אָן ביי א וואָרצל פון א בוים און איז זיך טובל, איז אים נישט מקנא צו זיין. מע

קוקט אויף אים מיט חוזק, מיט רחמנות. וויפל עס זענען נאָר פאַראַן הלצות מיט שטעכווערטלעך טרעפן זיי אים: „וואָלסט בעסער געבעטן דיין פלוניתטע, וואָלט זי דיך ארומגעוואשן"... וואָלסט בעסער געגאַנגען אין דער קהלישער מקווה"... יידן באַאַרטע, וואָס יעדער האָט עפּעס א שטיקל מיחוש, קרעכצט אונטער — ווערן אויפן וואסער אַנדערע מענטשן, לייכטער, יינגער. יע־דער שווימט אויף זיין שטייגער. איינער שווימט עפּעס אזוי קאַמיש, זייטיק, מיט הפסקות, ווי ער וואָלט וועלן עפּעס אָנכאַפּן, דעריאָגן. אַן אנדערער לייגט קלאַפּטער שטאָלץ, מיט גערויש, ווי איינער זאָגט: „קוקט, שנע־קעס"! א דריטער שווימט שטיל, מיט ישוב־הדעת, גנביש. שפּעטער ליגט מען אויף די רוקנס מיט אויסגע־שטרעקטע בערד, ווי בעזעמער, און מע קוויקט זיך.

ס׳יונגוואַרג איז פאַרנומען מיט זייערע ענינים, מע גייט אין געוועט. נח פּירט דאָס רעדל. זיין שטאַרקס־טער קעגנער איז „בערל שמדניק", חיים קאַוואַלס „בן", א געזונטער שוואַרצער בחור ווי „קויל". קעגן נחן קאָן ער גאָרנישט אויפטאָן, ער מוז זיך במחילה אונטערגעבן, און דאָ האָט נח באַוויזן אזא קונץ, וואָס האָט אזוי אי־בערגעשראָקן דעם עולם, אז מע האָט אים עס לאַנג נישט געקאָנט מוחל זיין.

מען האָט זיך געוועט ווער עס וועט לענגער אויס־האַלטן אונטערן וואסער. א צענדליק בחורים האָבן זיך אונטערגעטונקט מיטן איין מאָל, און איינציקוויז אָנ־געהויבן ארויסשווימען. בערל שמדניק איז ארויף דער לעצטער. מע וואַרט אויף נחן, א מינוט — צוויי....

ס׳איז ווּפּעם נישט גלאַטיק, ס׳איז אוממעגלעך... דער עולם איז שנעל אַרוים אויפן ברעג, ס׳איז געוואָרן אַ בה־לה, אַ טומל. די ידיעה, אַז נח איז נישט אַרויסגעשווו־מען, האָט זיך כהרף־עין פאַרשפּרייט איבערן ברעג.

— אָט האָסטו דיר גויאישע שטיק!

— מע האָט געקענט פאַרשטיין, אַז פון דעם וועט קיין גוטס נישט אַרויסקומען!

— די מאַמע, די אַלמנה, נעבעך, וועט דעם קלאַפּ נישט אַריבערטראָגן!

פּלוצלונג באַווייזט זיך נח צווישן די ביימער — אַ טרוקענער, אַ שיינענדיקער מיט אַ חוצפּהדיק שמיי־כעלע, גלייך ס׳וואָלט גאָרנישט געשען.

— טפו זאָלסטו ווערן! אַלע בייזע חלומות אויף דיין קאָפּ!

הויך איפן ברעג האָט זיך באַוויזן זכריהלע, דאָס שמשל פון בית־המדרש, מיטן גרעגער: יידן, צייט צו קבלת־שבת! דער עולם האָט זיך אָנגעהויבן בחפּזון אָנ־טאָן.

* * *

נח איז געוואָקסן ווילד. דאָס חדר האָט ער שוין לאַנג אָוועקגעוואָרפן. קיסעלע מלמד האָט אים שוין לאַנג אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט.

— אַ פאַרשטאָפּטער קאָפּ!

נח פלעגט העלפן דער מאַמען צו דער פּרנסה, אויפשטיין כאור, שלעפּן די קווישן אויבסט פונעם פּאָל־

ווארק אויפֿן מארק. די איבעריקע צייט איז ער פֿאר־פֿאלן געוואָרן אויף דער ווייסל. איינער אליין פֿלעגט ער זיצן גאנצע שעהן אויפֿן ברעג און טראכטן, אָדער זיך ווארפֿן מיט תענוג אין דער ווייסל־ווייכקייט, לייגן זיך אויפֿן רוקן, די הענט פֿארלייגט אויף דער ברוסט און קוקן אויפֿן בלויען הימל... ארום איז שטיל, פֿון די ברעגן הערן זיך עפּעס נישט־קלאָרע קלאנגען, און די ווייסל טראָגט אים אראָפּ, אראָפּ...

פֿלוצלונג גיט ער זיך האסטיק א דריי איבער, ער האָט דערפֿילט בחוש, אז ער איז שוין נאָענט פֿון דער שדים־אָזיערע. ווייטער האָט ער מורא, און נעמט מיט פֿרישע כוחות לייגן קלאַפּטער, ווייסל־ארויף.

דאָס שטעטל האָט באדויערט שיינדעלען די אלמנה, וואָס איר נח, דער יתום, איז ארוים לתרבות־רעה...

— ווען יאנקל זאָל איצט אויפֿשטיין?!

ער איז געוואָקסן א פֿעסטער, א מאָגערער בחור, א לענגלעך פּנים מיטן טאַטנס אָדלער־נעזל, שווארצע אויגן מיט פֿייערלעך און א צעשויבערטער קאָפּ מיט שווארצע קרויזן. חברים האָט ער געהאט ווייניק, און מיט זיי זיך שטענדיק ארומגעריסן — דער טאַטע אויסן אויג.

* * *

נישטאָ נאָך אויף דער וועלט אזא ווייסל ווי אין דעם שטעטל. מענטשן, וואָס זענען אויסגעוועזן א וועלט, געווען אפֿילו אין ווארשע, זאָגן, אז אזא ווייסל ווי ביי

אונדז אין שטעטל איז אין ערגעץ נישט בנמצא. נאָר א טבע האָט זי, ווי אלע וויסלס — זומער מוז זי האָבן אירע קרבנות. א סברה, אז זי האָט אזא קאָנטראַקט מיטן „ונתנה תוקף". פאראיאָרן האָט זי צוגענומען אזש צוויי קרבנות: צדוקלען, לאָזער דעם חייטס, און משה לייבן, יוכבד די פישערקעס בן־יחיד.

דעם יום־כיפור ביים „ונתנה תוקף", ווען יאָסעלע כענטשינער האָט ארויסגעלאָזן מיט זיין „לייבן־שטימע" דעם „מי במים", האָט זיך אויפגעהויבן א יללה ביזן זי־בעטן הימל. פון אונטן האָט מען געקלאַפט אין באלע־מער און אין די טישן: שאַ! יוכבדן האָט מען א פאר־חלשטע ארויסגעטראָגן פון דער ווייבער־שול און דער־פרישט פונעם הארצשטאַרק, האָט זי זיך געגעבן מיט רגזה א שטעל אויף און מיט אויגן פול רציחה צוריק אריינגעפאלן אין שול אריין...

— לאָזט מיך! לאָזט מיך! איך מוז זיך אָפּרעכענען מיט אים, מיטן „ונתנה תוקף"!...

נח האָט זיך פאַרגעשטעלט דעם „ונתנה תוקף", ווי א הויכן יידן מיט א שווארצער לאנגער באָרד, פייערדיקע אויגן און א חלף אין דער האנט. נח האָט פיינט געקריגן דעם „ונתנה תוקף" תכלית־שנאה...

פון דעמאלט אָן האָט נח שטענדיק געוואכט אויף דער וויסל ווען יידן באָדן זיך. „נישט אראָפּגעלאָזט קיין אויג", ווי ער וואָלט געווען ערוב פאר קהל.

*   *   *

ערב־שבועות. די זון ברענט ווי אין תמוז. אויפן ברעג האָט זיך באוויזן א פּנים־חדשות. קלמן שוחט — א ווייסער, א דאַרער, א רויטהאָריקער, וואָס האָט שטענדיק געקוקט קרום, וואָס יידן זענען מזותר די מק־ווה צוליב דער וויסל, — איז במחילה אליין אויך אראָפּ־געקומען. נישט קענענדיק שווימען, האָט ער מיט אימה געטאַפּט מיט די פּיס דעם גרונט. ווען דאָס וואסער האָט אים דערגרייכט די קני, האָט ער זיך פּאמעלעך אראָפּגע־זעצט און אונטערגעטונקען. ווען ער האָט זיך אויפגע־שטעלט און ארומגענומען מיט די נאסע הענט זיין ברייטע רויטע באָרד, האָט זי זיך פארוואנדלט אין א גרויסן רויטן מעער, וואָס שטעקט ווי א פלאַקן אויף דער גאָמבע. זיין גאַנץ הדרת־פּנים איז מיטאמאָל נעלם געוואָרן. קוקנדיק איצט אויף קלמן שוחט, האָט מען זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון געלעכטער. ער האָט אויסגעזען ווי א קונצנמאַכער, וואָס אָט, אָט נעמט ער שלינגען פייער.

קלמן, דערפילנדיק, אז מע לאַכט פון אים, איז גע־וואָרן מלא־חימה. ווי א גבור האָט ער זיך געגעבן א גלייך אוים און אויף קידוש־השם אָנגעהויבן שפּאַנען פאָרויס. נאָר ווייט איז אים נישט אויסגעקומען צו גיין. נאָך א פּאָר טריט האָט ער פארלוירן דעם גרונט און איז, — ארויסלאָזנדיק א משונהדיקן קוויטש: „יידן! שמע ישראל!...“ — פארשווונדן געוואָרן אונטערן וואַ־סער.

נח, וועלכער האָט פון ברעג נישט אראָפּגעלאָזט קיין אויג פון קלמן שוחט, האָט זיך גלייך געוואָרפן אונ־

טערן וואסער, ווו קלמן איז פארשוונדן און, נישט דער־טאפּנדיק אים, צוריק ארויפגעשווומען. אויפן ברעג האָט זיך אויפגעהויבן א גרויסער רעש. אלע שווימער האָבן זיך דערנעענטער צו נחן, ווארטנדיק אויף זיינם א באַפעל. פּלוצלונג האָט זיך קלמנס קאָפּ, מיט משוגענע רויטע אויגן, באוויזן נישט ווייט פון נחן און זיך באלד ווידער אראָפּגעלאָזט. נח — נאָך אים. דער מות האָט ביי אים געארבעט בליץ־שנעל. ער האָט געוווסט, אז א טרינקענדיקן דארף מען אָנכאפּן פאר די האָר. צום אומגליק האָט זיך אָבער קלמן שוחט אָפּגעשוירן לכבוד יום־טוב. ביי די פּאות? — ניין. צו קליין. די באָרד ווידער — גליטשיק און שליימיק. פונדעסטוועגן האָט נח פעסט ארייַנגעפלאָכטן זיינע פינגער אין איר און מיט אים ארויסגעשווומען.

דער גאנצער ברעג יידן האָט זיך תיכף געוואָרפן צו קלמנען. יעדער האָט געוואָלט ארויסווייזן זיין בקיאות ביים „אָפּשאָקלען" דעם טרינקענדיקן...

צום גליק האָט קלמן אויפגעמאכט די אויגן, האסטיק זיך אויפגעזעצט, ארומגעקוקט זיך. אָנהייבנדיק באַנעמען וואָס מיט אים איז געשען, האָט ער זיך שטארק און ביטער צעוויינט.

— געררייצט זיך מיטן רבונו של עולם!

אויפן ברעג האָט זיך באוויזן ביילע די שוחטקע, וועלכער ס'האָט ווער מודיע געווען וועגן דעם אומגליק. א צעשויבערטע, אָנעם שייטל, איז זי ארייַנגעפאלן אינעם קרענצל יידן מיט אַ כאָרכלען פון אַ נישט דערקוילעטער הון:

— פינצטער איז מיר מיין וועלט! קלמן! קלמן!!!

איר באַווייזן זיך אויפן ברעג האָט געווירקט ווי א שטיין אין א מתנה פייגל. די נאַקעטע יידן זענען זיך צעלאָפן, ווו ווער ס'האָט געקאָנט, פארשטעקט זיך צווישן די ביימער, געשפרונגען אין ווייסל... קלמן, גע־פינענדיק זיך אויג אויף אויג מיט זיין זיווג, האָט זיך שנעל אויפגעשטעלט, אויסגעגלייכט, פארשטעלט די חרפה מיטן טלית־קטן, און אויסגעקרעכצט:

— די מקווה טויג איר שוין נישט. א ווייסל האָט זיך איר פארוואָלט, דער בהמה!...

דעם ערשטן טאָג שבועות אין בית־המדרש, ווען קלמן שוחט האָט געבענטשט גומל, איז ביילע די שוחט־קע ארויסגעפאלן אויף שיינדעלעס האלדז מיט א גרויס געוויין. אויף זיי קוקנדיק, האָט אָנגעהויבן יאמערן די גאנצע ווייבער־שול....

נאָכן דאַווענען האָט קלמן גערופן דעם עולם אויף קידוש.

נאָך דער מעשה מיט קלמן שוחט האָט מען אין שטעטל אָנגעהויבן קוקן אויף נחן מיט חשיבות. ער אליין האָט אויך אָנגעהויבן האלטן פון זיך:

— איין קליניקייט — באַזינגט דעם „ונתנה תוקף“...

נח איז ארומגעגאַנגען א פארטראַגענער אין רעיו־נות... ער האָט געטראכט ווי אזוי צו פארטרייבן די

נישט־גוטע פון דער שדים־אָזיערע... ער האָט געוווסט, אַז פאַרן שופר, פאַרן שם־המפורש און פאַר ציצית ציטערן זיי אימות המות...

אָט די רעיונות האָבן נחן נישט געלאָזט רוען נישט ביי טאָג, נישט ביינאַכט. ער איז אַרומגעגאַנגען ווי אין עולם־התוהו...

און נח האָט באַשלאָסן בשתיקה, קיינער זאָל נישט וויסן, נעמען זיך צום ענין.

נח קען די ווייסל ביינאַכט. נאָך אַ היימן זומער־טאָג, איז דאָס וואַסער לײַבלעך־ווייך... די פולע לבנה שפּיגלט בריט פון גרויס תענוג. נח ליגט אויפן רוקן, זוכט די מזלות. אָט איז דער מזל תאומים; אין יענער זייט דער מזל עקרב, און אַ ביסל וויטער דער מזל מאזנים — אַן אמתע וואָגשאָל...

* * *

צו דערקענען די שדים־אָזיערע האָט נח באַשטימט אַ צייט, ווען „זיי" קענען דאָרט זיכער נישט זײַן... ער האָט אויסגעקליבן דינסטיק — „אַ מזלדיקער טאָג". בשתיקה, די מאַמע זאָל נישט וויסן, האָט ער אַרויסגענומען פון דער קאָמאָדע דעם נײַעם טלית־קטן מיט די תכלת־פּאַסיקלעך, וועלכן ער פלעגט אָנטאָן בלויז אין יום־טובֿטעג. כדי צו זײַן זיכער אין זײַער כשרות, האָט ער צוויי מאָל בודק געווען די ציצית.

אין שטעטל האָט מען מחדש געווען די לבנה. נח איז אַראָפּ צו דער ווייסל. ס'איז געווען ליכטיק ווי אין בין־השמשות.

אינעם טלית־קטן אויפן נאקעטן גוף האָט זיך נח שטיל געלאָזט אויפן וואסער. ער האָט זיך דערפילט ווי א שליח־ציבור, וואָס פירט אוים א הייליקע און וויכטי־קע שליחות... ער גייט ממש אויף קידוש־השם... ער איז געשווומען שטיל, כמעט אינגאנצן אונטערן וואסער. גיך איז ער צוגעקומען צום „טויער" פון דער אָזיערע. אזוי „הארט" איז ער ביי אים נאָך קיינמאָל נישט געווען. לאַנג האָט ער זיך געדרייט ארום דעם טויער. א פחד האָט אים ארומגענומען. ער האָט זיך געקווענקלט... און לסוף ארייגעשווומען. אָט איז ער שוין ביים אַנדערן ברעג.

נחן האָט באהערשט א רואיקייט. ער האָט פאר־געסן אין די שדים. די שיינקייט פון דער אָזיערע האָט אים אינגאנצן פארכאפט. ער האָט אָנגעהויבן פאָרשן די ברעגן... איז נאָכאמאָל דורכגעשווומען פון ברעג צו ברעג, האָט זיך אראָפּגעלאָזט אין מיטן דער אָזיערע. דאָס וואסער האָט אים קוים דערגרייכט צום האלדז.

ער איז ארוים אויפן ברעג. דער טאָל, די אָזיערע, די הויכע באוואָקסענע ברעגן, איינגעהילט אין זילבער־שיין פון דער לבנה, האָבן אים פארכישופט... נישט אַנ־דערש — אזוי זעט אוודאי אוים דער גן־עדן התחתון... נישט ווייט פון אים איז דער ברעג באדעקט מיט קליינע געדיכטע קוסטעס. דער אנטקעגנדיקער ברעג, פון יענער זייט אָזיערע — א באוואָקסענער מיט דעמבן, קאשטאַ־נעס, טאָפּאָלן — האָט זיך אויפגעהויבן הויך און שיף ווי א דאך. פון צווישן זיינע קרוינען האָט זיך ארויסגע־

ווייסט שטיקלעך ווייסע מויערן און א העל שארף ליכט, ווי דאָס אויג פונעם פארכישופטן ברעג...

נח האָט אויפגעציטערט... ס'האָט זיך דערהערט עפּעס א פּליעסק. ער האָט זיך אָבער באלד בארואיקט: מסתמא האָט זיך א פישעלע טובל געווען אין דער לופט...

פונדערווייטנס האָט זיך דערהערט א בילן פון א הונט — ווייניק הינט אין שטאָט?... דאָס בילן דערנאָך ענטערט זיך אָבער... נח האָט זיך אָנגעשטרענגט. דאָס הארץ האָט אים אָנגעהובן קלאפּן שטארקער... מיט אויפגעריסענע אויגן האָט ער געזוכט אין די שווארצע שאָטנס צווישן די ביימער. דאָס בילן ווערט אלץ שטאַרקער. ער האָט זיך פארשטעקט הינטער א קוסט. מיט פולע אויגן שרעק געקוקט דורך דעם קוסט צווישן די ביימער... עפּעס א ווייסער שאָטן באוועגט זיך. ער האָט אָנגעכאפּט די ציצית... דער שאָטן דערנעענטערט זיך שנעל. יאָ! דאָס איז זי, מסתמא, לילית אליין. מיט א הונט?! אָט זעגען זיי שוין ביים ברעג.

האָר, גאָלדענע, צעלאָזענע, ביז די לענדן, א ווייס קלייד, לילית הייבט זיך אָן אויסטאָן, ווארפט פון זיך אראָפּ דאָס קלייד און בלייבט שטיין נאקעט.

נח ציטערט מיטן גאנצן קערפּער. ער פילט זיך א פארפאלענער.... ער דארף פארמאכן די אויגן, ער דארף ביישטיין דעם נסיון.... די שיינקייט פונעם יונגן מיידל-קערפּער פארכאפּט אים, עס איז אויסערגעוויינלעך שיין, ער האָט דאָס נאָך קיינמאָל נישט געזען. די הויט

א בראָנזוענע. די גלידער געטאָקטע, און די פיס? — בנאמנות — מענטשלעכע... אָן טלאָען...

א האלב־פארחלשטער, פארגעסנדיק די ציצית מיטן שם־המפורש, שפּירט ער נאָך איר יעדע באוועגונג...

אָט שפּרינגט זי אין וואסער אריין, דער הונט נאָך איר. נח וויל שטארק אָנקוקן דאָס פּרצוף... ער וויל זען די ווילדע שדים־אויגן... נאָר די גאָלדענע האָר פאר־שטעלן עס... לילית ווארפט אָפּ מיט דער האנט די האָר פון פּנים...

ער האָט שיר נישט אויסגעשריגן: — גרעטל!

יאָ, דאָס איז דאָך, דעם אלטן שמידטס טאָכטער, פון פאָלווארק, די יפיפיה מיט די בלאָנדע צעפּ, און דער הונט — דאָס איז דאָך „לעמפּערט", וואָס „רעדט" נאָר דייטש... פארוואָס האָט נח אים פריער נישט דערקענט? זיי זענען דאָך אפילו באפריינדעט. ער זעט אים אלע טאָג ווען ער גייט מיט דער מאמען אין פאָלווארק נאָך אויבסט.

נח פארמאכט די אויגן פון מידקייט. מאכט זיי באלד אויף. עפּעס אַן אומרואיקייט, א געפיל פון געפאר לאָזט אים נישט רוען.

גרעטל שווימט. דאָס וואסער איז דורכזיכטיק לוי־טער. די לבנה באלייכט איר יעדן קער. גרעטל שווימט ווי א פישעלע... זי בויגט זיך, דרייט זיך, מאכט פאר־שידענע קונצן... נח פאָלגט איר נאָך פארגאפט... אָט פארוואנדלט זי זיך אין א קנויל, די קני צום קאָפּ און דרייט זיך איבער... אָט ליגט זי אויפן רוקן: פון וואסער

שטארצן ארוים בלויז די קליינע בריסטן און דאָס פּנים. פאַרכאַפּט פון דעם בילד, זעט נח נישט דאָס אומרואיקע באַוועגן זיך פון „לעמפּערטן", הערט נישט זיין פאַר־דעכטיקטן ברומען.... ווען „לעמפּערט" איז מיט אמ־פּעט ארוים אויפן ברעג, געוואָרפן זיך צו נחס קוסט איז שוין געווען צו שפּעט...

נח האָט ארויסגעלאָזט א ווילד געשריי... גרעטל, א צום טויט איבערגעשראָקענע, האָט פארצווייפלט אָנגע־הויבן שווימען צום אנדערן ברעג, און, כאַפּנדיק אירע קליידער, פארשוואונדן צווישן דיביימער. „לעמפּערט", אויך דערשראָקן פון נחס געשריי, איז אָפּגעשפּרונגען, נאָר באלד זיך ווידער עקשנותדיק געוואָרפן אויף אים. א גרויסער, א ראסאָווער „הייליקער בערנארד" האָט ער זיך געשטעלט אויף די הינטערשטע לאַפּעס און מיט די פאָדערשטע איינגעקלאמערט זיך פעסט אין נחן... ער איז אויסגעקומען א סך העכער פון אים. מיט רוגזה האָט ער זיך איינגעביסן אינעם טלית־קטן. אָפּרייסנדיק פון אים א האלבן, איז ער אָפּגעשפּרונגען... מיטן טלית־קטן אין די ציין האָט ער מיט רציחה אָנגעהויבן דרייען מיט דער מאָרדע... נח, א פארצווייפלטער, האָט געפילט, אז ער איז א פארלוירענער, א פארשפּילטער. א שוואכ־קייט האָט אים דורכגענומען. אפשר מיט גוטן? ער האָט אָנגערופן דעם הונט ביים נאָמען:

— לעמפּערט!... לעמפּערט!.. דאָס בין איך דאָך, נח!... דערקענסט מיך נישט?...

„לעמפּערט", דערהערנדיק באקאנטע ווערטער — ער האָט פארשטאנען נאָר דייטש — איז געבליבן

שטיין, אָנגעהויבן זיך ווי מישב צו זיין, ארויסגעלאָזט דעם האלבן טלית־קטן פון מויל און לייכט געגומען דריי־ען מיטן עק... פלוצלונג האָט ער זיך אומגעקוקט און, נישט געפינענדיק זיין באלעבאָסטע, געכאפט דעם טלית־קטן אין דער מאָרדע און אוועקגעלאָפן...

מיט דער צווייטער העלפט פונעם נייעם טלית־קטן מיט די תכלת־פאסיקלעך, וואָס איז אים געהאָנגען אויף דער פלייצע, האָט נח געשניטן דאָס וואסער ארויף קעגן שטראָם.

---

עשרת ימי תשובה. די גענשע־גאַס שוויבלט מיט ייִדן. דאָס שטיקל גאַס פֿון דער סמאָטשע ביז צום בית־עולם איז פּשוט נישט דורכצוגיין. בעטלער מכּל המינים, פֿון גאַנץ וואַרשע, האָבן געוואָרפֿן זייערע שטענדיקע „ראָגן“, „זייערע“ הייף און זענען אוועק אויף די „הייסע טעג“ צום בית־עולם. דראָענדיק, מיט חוצפּה רייסן זיי ממש פֿון די קעשענעס, שעלטן מיט טויטע קללות — סעזאָן־קללות — „זאָלסט זיך האָבן אויסגעבעטן אַ שוואַרץ יאָר!“, „ס'זאָל דיין טאַטן פֿון קבר אַרויס־וואַרפֿן!“

די בעסערע אָרעמעלייט האָבן זיך גענומען צו „מסחר“, גיבן אויף באָרג מענה־לשונס און טשאַטעווען אויף די צוריקגייענדיקע, זיי זאָלן זיך נישט חלילה אַ־דורכגליטשן, נישט אָפּגעבנדיק דאָס מענה־לשון. דער לאָמער מאָטל — איך קען אים — ער האָט זיין חזקה אויף אונדזער גאַס אין די פּרייטיקן, האָט ער זיך אויך גענומען צום מסחר. שטייט ער, דאָס רעכטע אויג האַלב צוגעמאַכט און דאָס לינקע שטאַרק אויפגעריסן — דאָס מאַכט ער אַזוי, כּדי בעסער צו דערקענען זיינע קונים — און קוקט אויף יעדן דורכגייער מיט חשד.

די מאַמע נעמט אַלע יאָר אַ מענה־לשון, צוליב פּאַנ־טאַזיע, לייענען קען זי נישט. אַהיים גייען מיר דורך

אָקאָפּאָווע, צוליב די אָרעמעלייט. בלייבט ביי איר טאַקע דאָס מענה־לשון. אין שטוב וואַלגערן זיך ביי אונדז עט־לעכע אזעלכע מענה־לשונס מיט געלע טאָוולען. דער טאַטע שרייט, בייזערט זיך: אז זי האָט אין זיך קיין פּיצל יידישקייט נישט, נעמט צו ביי אָרעמעלייט זייער ביסל סחורה, שטעלט זיי בדיל הדל.

אין דער קאַנצעלאַריע פון בית־עולם זיצט א בייזער ייד אין ברילן, מיט א סאַמעטן קאַפּל אויפן קאָפּ, לעבן א גרויסן און גראָבן פּנקס, בלעטערט אים און שרייבט קוויטלעך. פאר א פּאָר גראָשן באַקומסטו א קוויטל, מיט וועלכן דו קאָנסט לייכט אויפזוכן דאָס נייטיקע קבר.

די מאַמע דאַרף נישט קיין קוויטל, זי דערקענט דעם זיידנס קבר לויטן קוסט, וועלכער וואַקסט דאָרט און דעקט צו דעם לאַנגן שטיין, וואָס האַלט אונטער די מצבה. דער קוסט איז א געדיכטער, מיט פיל קליינע ברוין־רויטע בלעטעלעך.

איך דערקען אויך די מצבה לויטן קוסט.

די מאַמע זאָגט: אז ווען מען זאָל איר פאַרבינדן די אויגן, וועט זי אויך טרעפן צום זיידנס קבר.

די מאַמע נעמט פאַנאַנדער די צווייגן, וואַרפט זיך אויפן גלאַטן שוואַרצן שטיין און מיט א זינגעוודיק יא־מערלעך קול, אָן טרערן, הייבט זי אָן...

זי הייבט אָן שטיל, מיט הכנעה, דערנאָך פאַרגייט זי זיך העכער, בייזער, דראָענדיקער, און צום סוף נעמט זי אויף אים שרייען. מיר דוכט זיך, אז אָט־אָט, וועט זי אים אָנהייבן שעלטן פּונקט אזוי ווי דעם טאַטן מיינעם.

דאָס איז אַלץ צוליב איר אָנגעווייטיקט הארץ, צוליב אירע צרות. די מאמע האָט זייער א סך צרות.

דער מאמעס בקשות קען איך גוט.

זי הייבט אָן אזוי: „טייערער, געטרייער, הארצי־קער טאטע! דו ווייסט דאָך, אז שלמהלע, מיין בן־יחיד, מיין קדיש, מיין שווארץ־אפּל פון אויג, איז נעבעך א שוואך קינד. ער האָט דווקא א גוט קעפּל, באגערט צו לערנען, דעם לעצטן ביסן גיב איך אים אָפּ, נאָר ער גייט נעבעך ארום קרוע־בלואָ. גיב א קוק, טאטע, א וואָסע־רע שטיוועלעך ער טראָגט נעבעך" און דאָ ווענדט זי זיך צו מיר — קום אהער, שלמהלע, א ביסל נעענטער, זאָל ער זען, אז כ׳זאָג קיין ליגן נישט. און נאָך און נאָך בעט זי פאר מיר. פאר מיר בעט די מאמע מער ווי פאר אלע־מען.

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט מיר, גייט זי איבער צו מיין קליין שוועסטערל רחלע:

„זאָלסט וויסן זיין, מיין טייערער טאטע, אז מיט רחלען האלט שלעכט. דער אַפּעטיט האָט זיך ביי איר אינגאנצן אָפּגעטאָן, זי איז געוואָרן אויסגעצערט, א שפּענדעלע, זי הוסט שטארק, כ׳האָב מורא פאר סוכאָ־טעס. זע, טאטע הארציקער, רייס איין, רייס איין, פויל זיך נישט". און דאָ גייט זי איבער אויף העכער, מיט צאָרן: — „טאטע הארציקער, איך געדענק גאנץ גוט, ביסט שטענדיק געווען א פוילער, רק מען האָט דיר אלץ געמוזט דערלאנגען, האָסט זיך קיינמאָל אליין גאָרנישט גענומען. טאטע, גענוג! ווארף אוועק דיינע שטיק! מען דארף האָבן רחמים, טאַ־טע!..."

צום סוף נעמט זי זיך צום טאַטן מיינעם: „איך מוז דיר זאָגן, געטרייער, הארציקער טאַטע, אז משה ארבעט שוין נישט גאנצע דריי חדשים, אז פנחס שפּיעוואק דער חסיד, — דו קענסט אים גאנץ גוט דעם אַכזר, כ'דאַרף דיר נישט דערציילן, — האָט אים אָפּגעזאָגט פון דער ארבעט, כלומרשט, ער איז א „בונטאָווטשיק". טאַטע, כ'זאָל אזוי נישט וויסן פון קיין בייז, ס'הייבט זיך נישט אָן און ס'לאָזט זיך נישט אויס. געטרייער טאַטע, אין שטוב איז א דוחק. משה איז נעבעך געגאנגען אין יארשעווסקעס הויף, איז געוואָרן א טרעגער רחמנא לצלן, ס'איז מיר א חרפּה און א בושה". — דאָ איז איר קול געוואָרן צאָרנדיק, דראָענדיק — „טאַטע, האָב רח־מ־נות, טאַטע, גיי, לויף צום כביכול, צום כסא־הכבוד. שטעל פאָר אונדזער „פּאָלאָזשעניע"... לאָז זיך נישט, טאַטע!"...

דער קוסט, וואָס וואקסט אויפן זיידנס קבר, דעקט אינגאנצן צו די מאמע, מען זעט זי אינגאנצן נישט ארויס פון הינטער די געדיכטע ברוין־רויטע בלעטעלעך. ס'דוכט זיך, אז איר קול גייט פון קבר ארויס. פון אלע זייטן הערן זיך וויינענדיקע, הארצרייסנדיקע קולות. עס באפאלט מיך א פחד. איך הייב אָן צו וויינען...

אהיים גייענדיק דורך דער אָקאָפּאָווע — צוליב די אָרעמעלייט — איז די מאמע שטענדיק פארטראכט, שטענדיק האָט זי עגמת־נפש, קרענקונג, שטענדיק פארגעסט זי צו זאָגן דעם זיידן דאָס סאמע וויכטיקסטע.

דאָס מאָל גייט די מאמע אויפן קבר אבות א נאָך מער צעבראָכענע, א נאָך מער צעוויטיקטע. דאָס יאָר איז אונדז געשען א גרויסע בראָך: מיין שוועסטערל רחלע איז געשטאָרבן, אויסגעגאנגען. איך טראָג נאָך די זעלבע צעריסענע שטיוועלעך, און פנחס שפּיעוואק — כאָטש גיב אים א קרענק — האָט בשום אופן נישט גע־וואָלט צוריקנעמען דעם טאטן צו דער ארבעט. שטייט ער אזוי אין יארשעווסקעס הויף מיט א שטריק אויף די לענדן און קוקט אוים עפּעס אָפּצוטראָגן.

מיר אָבער איז פריילעך אויף דער נשמה. איך קען שוין עברי ווי א וואסער. כ׳וועל שוין איבערלייענען דעם זיידנס מצבה, נישט נאָר דעם זיידנס, אלע מצבות וועל איך איבערלייענען.

צוקומענדיק צום זיידנס קבר, איז די מאמע שטיין געבליבן. זיך נישט געוואָרפן גלייך, ווי אלעמאָל. דאָס פּנים אירס איז געוואָרן שפּיציק, (שטענדיק, ערב א קריג מיטן טאטן, ווערט איר פּנים שפּיציק). איך האָב גע־פילט, אז עס גרייט זיך א גרויסער שטורעם, זי וועט אים שוין היינט געבן, דעם זיידן. און די מאמע האָט טאַקע גלייך אָנגעהויבן מיט רוגזה, צאָרנדיק: „גזלן איינער! אזוי טוט א טאטע! אן אייגענער טאטע! וואָס האָסטו געהאט צו מיין עופהלע, נעבעך"... ווייטער האָב איך שוין נישט געהערט, איך בין געווען פארנומען מיטן אויפשטעלן דעם אויפשריפט אויפן זיידנס קבר.

אלע יאָר גייענדיק מיט דער מאמען אויף קבר אבות, האָב איך געקוקט אויף דעם זיידנס מצבה, אויף

די קונציק־אויסגעקריצטע אותיות. זיי זענען מיר שטענ־דיק געווען געפעלן. זיי זענען ביי מיר געווען פונקט א־זוינע טויטע, ווי עס איז טויט דער זיידע. נאָר היינט זע־נען זיי פאר מיר לעבעדיק געוואָרן, אויפגעשטאנען תחית המתים. פאמעלעך, אות ביי אות האָב איך גע־נומען צונויפשטעלן:

„פ ה נ ט מ ן ה ח ס י ד ה מ ו פ ל ג ו ה ח כ ם מ ה ו ר״ ר מ ר ד כ י ב ן י צ ח ק ז״ ל א י ב ע ש י ץ...

די פרייד פון די ערשטע מינוטן נאָכן איבערלייענען די מצבה איז באלד פארשוונדן. אפשר האָב איך א טעות? איך קען פשוט נישט קיין עברי. איך האָב נאָך אמאָל איבערגעלייענט. דאָס זעלבע. רבונו של עולם! וואָס טוט זיך דאָ עפעס. בין איך משוגע?

מיט א דערשראָקן קול האָב איך אָנגעהויבן שרייען און רופן די מאמען. נאָר די מאמע האָט מיך נישט גע־הערט. זי האָט פונקט געהאלטן אין סאמע מיטן. דאָס קול אירס האָט דאָ דערגרייכט די העכסטע מדרגה און איבערשרייען זי איז מיר געווען אוממעגלעך. איך האָב געפילט, אז דאָ געשעט עפעס אן אומגליק. איך האָב צונויפגענומען אלע מיינע כוחות און א געשריי געטאָן: מא־מע!!!

די מאמע איז ראפטעם אויפגעשפרונגען. דאָס פנים שפיציק, צעקרימט, די אויגן פול מיט רציחה און מיטן זעלבן קול, מיט וועלכן זי האָט נאָרוואָס גערעדט מיטן זיידן, אויסגעשריגן: וואָס איז געשען?!!!

— מאַ־מע! — האָב איך פאַרצווייפלט צו איר גע־שריגן — אַ פרעמד קבר, נישט דײַם זיידנס, אַ פרעמדס.

פון אָנהייב האָט מיך די מאמע נישט פאַרשטאַנען, געקוקט אויף מיר דערשראָקן. זי האָט געמיינט, אַז כ׳בין, חלילה, פון זינען אַראָפּ. נאָר אַזוי ווי כ׳האָב גע־האַלטן אין איין איבערחזרן איינס און דאָס זעלבע, האָט זי אָנגעהויבן צו פאַרשטיין.

— אַלע מיינע בייזע חלומות אויף די שונאימס קעפּ! וואָס רעדסטו?

דאָס שפּיציקע פּנים אירס איז נאָך שפּיציקער גע־וואָרן. אַ פיר געבנדיק מיט דער האַנט איבער איר מויל, האָט זי מיך האַסטיק אַ כאַפּ געטאָן:

— קום!

טרעטנדיק איבער פרעמדע קברים, איז די מאמע שטיין געבליבן ביי אַ קבר. דעם אונטערשטן שטיין האָט צוגעדעקט פּונקט אַזאַ קוסט מיט ברוין־רויטע בלע־טעלעך, און די מצבה איז אויך געווען די זעלבע. מיט אַ הייזעריק, ציטעריק קול האָט די מאַמע מיר געהייסן אי־בערלייענען. איך האָב אָנגעהויבן צונויפשטעלן דײַם אויפשריפט: פּה נטמן החסיד המופלג והחכם ר׳ מרדכי בן שלמה הלוי בערענגארטען! — — — — — — — — — — —

יאָ, דאָס איז דעם זיידנס קבר, דאָ קאָן שוין קיין טעות נישט זיין. איך היים דאָך נאָכן עלטערזיידן.

עפּעס מאָדנע האָבן זיך אונטערגעבראָכן דער מאַ־מעס פּים. זי איז אַרויפגעפאַלן אויפן קבר, געוואָרן אַזוי איינגעשרומפן קליין, אַ קנוילעכל און דאָס דאַזיקע קנוי־

לעכל האָט זיך געטרייסלט פון כליפּעריי. מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אז אָט־אָט און זי וועט זיך איינגראָבן אין שטיין. א גרויס רחמנות אויף דער מאמען האָט פאַר־קלעמט מיין הארץ, כ׳האָב אויך אָנגעהויבן וויינען. ביטערע, געזאלצענע טרערן זענען מיר גערונען איבער די באַקן צום מויל...

אהיים זענען מיר געגאנגען דורך דער אָקאָפּאָווע, צוליב די אָרעמעלייט, וואָס באלאנגערן די גענשע. די מאמע מיטן מענה־לשון אין געלע טאָוולען, וואָס זי האָט היינט, ווי אלע מאָל, געבאָרגט צוליב פאנטאזיע. דער טאטע וועט זיך געווים ווידער צוליב הײַם בייזערן. א גרויס אומגליק, א שווער אומגליק האָט אונדז גע־טראָפן. און אלץ צוליב וואָס? צוליב א טעות. רבונו של עולם, ווען די מאמע מאכט נישט דעם טעות, דעם שרעקלעכן טעות, וואָלט דאָך רחלע געלעבט, איך וואָלט שוין לאנג געהאט נייע שטיוועלעך, און דער טאטע וואָלט נישט געשטאנען, נעבעך, אין יארשעווסקים הויף מיטן שטריק אויף די לענדן און נישט אויסגעזוארט עפּעס אָפּצוטראָגן....

יאנקל ווילקער האָט אין די יונגע יאָרן געשמט אין זיין געגנט אלס חריפותדיקער עילוי. צו 18 יאָר איז ער געווען בקי אין ש"ס און פוסקים, האָט פארמאָגט א גע־וואלדיקן זכרון און איז דערצו נאָך אויך געווען א גרוי־סער בעל־חשבון.

וועגן יאנקל ווילקערס האנטשריפט פלעגט מען דערציילן ניסים ונפלאות. ער פלעגט אזוי קונציק ארויס־ברענגען די „ה", אז קוקנדיק אויף דעם אות, האָט מען פשוט געזען, ווי א מלאכל שוועבט אין די הימלען; דאָס עקעלע פון דער לאנגער „ץ", וואָס פארדרייט זיך אין דער הייך אויף רעכטס, האָט ער געגעבן א פארדריי נאָך אויף לינקס, געגעבן א פארצוק, ס'האָט זיך באקומען א קריינדעלע, און מ'האָט בפירוש געקאָנט איבערלייענען דאָס וואָרט ש ד י. די לאַנגע „ף" איז ביי אים ארויס־געקומען ווי דער אמתער מגדל דוד. אלע, אלע אותיות זענען ביי אים געווען מלא חן, אפילו דאָס קליינע יידע־לע, — וואָס קאָן מען מ'שטיינס געזאָגט מאַכן פון אָט דעם קליינטשיקן אות... נאָר ביי יאנקלען האָט עס גע־האט טויזנט טעמים.

יאנקל ווילקער איז געווען בארימט אין דער וועלט. פונדעסטוועגן האָט מען געקוקט אויף אים קרום. פונעם

פראָסטן עולם חסידים, פון די צאן קדשים, האָט ער זיך אויסגעטיילט מיט זיין קליידונג. קיין שטריימל האָט ער נישט געטראָגן. שבתים און יום־טובים — א סאמעטן היטל און געמזענע שטיוועלעך. שטענדיק ריין. די זייַדענע קאַפּאָטע אָן איין געוואלד־רים, דאָס אליין מינערט שוין די חסידישע שארפקייט. אין שטעטל שאצט מען די שארפקייט פון א חסיד לויט זיין קאַפּאָטע... וואָס מער געוואלד־ריסן — מער חסיד... זיין וויים העמד, זיין אויסגעגלייגטער ווייסער קאָלנער, איז געווען פארמאכט ביזן לעצטן קנעפל. דאָס פאסט נישט פאר קיין שארפן חסיד. דער גייט שטענדיק צעכראסטעט, „אָפן מיטן האלדז".

וואָלט ער כאָטש געווען א גביר, ווי למשל שייקע ראָזענבוים אָדער יואל וואַגמייסטער, — די גרויסע ווארשעווער גבירים, דעם רבינס חסידים, אָדער למשל אברהם לייב, אָדער הערשעלע, דעם רבינס קינדער, — זיי קומט עס, אָבער ער, יאנקל, א ייד פון סך־הכל פינף קארבן א וואָך, כמעט א קבצן, טאָ וואָס איז מיט אים די גדולה...

ווען נישט זיין אשת־חיל, שיינדעלע, וואָס האָט געהאלטן א שטיקל אכסניה יום־טובים און ימים־נוראים, וואָלט טאקע ביי אים אין שטוב געווען א גרויסער דוחק. זיינע צוויי קינדער — חדר־יינגלעך, האָבן זיך געלערנט ביי קיסעלע מלמד, דעם בעסטן מלמד אין שטעטל — דאָס איז צוויי קארבן א חודש, און היינט א מלבוש, א שוך, א העמד?...

אין די הויכע „ספערן" האָט מען אים, יאנקל וויל־קער פשוט פיינט געהאט תכלית־שנאה, און דאָס — צו־ליב זיין צינגל, נישט קיין צונג, נאָר א חלף, וואָס האָט געשניטן און קיינעם נישט געשאנעוועט.

אנומלטן, אין קליינעם בית־מדרש האָט ער געהאט עפּעס א סכסוך מיט פיניע ווארם. פיניע איז פון די אָנ־געזעענסטע יידן אין שטעטל, דער עלטסטער דאָזאָר, א טיש־זיצער, און אחוץ דעם א גרויסער גביר, האַלט א גרויס ספרים־געשעפט, וואָס קאָן זיך נישט פארשעמען קעגן די ווארשעווער ספרים־געשעפטן; מע קאָן דאָרט געפינען פון א סידורל און א מענה־לשון ביז די שענסטע ספר־תורה, פון א טלית־קטן ביז די רייכסטע טליתים מיט זילבערנע עטרות, פון א ספר־תורה־מענטעלע ביז די פּרעכטיקסטע פרוכתן געהאפטן מיט גאָלד און זיל־בער, — אז מען שמועסט א ייד אן אדיר, אז אפילו דער גאראָדאָוואָי מיט די סטאָיקאָוועס פלעגן פאר אים די ערשטע אראָפּנעמען דאָס היטל.

יאנקל האָט פיניען פאָרגעוואָרפן, אז ער האָט בכיוון נישט באפוילן דעם פארגאנגענעם פסח ארייננצו־טראָגן נחמנען דעם איינבינדער מעות־חיטין, באַשר, ערב־פסח האָט ער אליין, פיניע, באזאָרגט אים מיט א סך ארבעט, מיט א גאנצן ש"ס צום איינבינדן. יאנקל האָט אויפגעוויזן, אז נחמן דער איינבינדער איז א ייד אן אביון, א נצרך, אז אויף אחרון של פסח האָט ביי אים אויסגעפעלט מצות. ווען נישט זיין שיינדעלע, וואָלטן ביי נחמנען די קינדער טאקע געהונגערט.

א וואָרט פאר א וואָרט, יאנקל האָט אים אָנגערופן עם־הארץ! אכזר! פּיניע — בטבע א חלוש — האָט גע־מאכט א חלש, און ווען נישט מענדל משמש, וואָלט, חלילה, געקומען צו פּעטש.

יאנקל האָט אויך געהאט תּרעומות צו מענדל משמש טאַקע, הלמאי אויף די ימים־נוראים, ווען ס'קומט קיין עין־הרע, א גרויסער עולם, מאכט ער נישט א ביסל אָרדענונג ביים שלום־נעמען, עס זאָלן חס־וחלילה נישט זיין קיין קרבּנות. דעם פאַרגאַנגענעם ערב יום־כּיפּור איז שיר נישט געקומען צו קיין אומגליק — א בעלכאטאָ־ווער ייד האָט מען ארויסגעטראָגן פונעם בית־מדרש כּמעט א מת: אָנעם שטריימל, מיט איין שטיוול, מיט א האלבער קאַפּאָטע; ס'האָט געדויערט לאנג ביז וואנען מען האָט אים דערמינטערט.

— אָרדענונג, זאָגסטו? — קוקט אויף אים מענדל משמש מיט ביטול, ווי אויף א חסר־דעה — ווי ביי די גויים, להבדיל? און ווו איז חסידות?

שיינדעלע, יאנקלס ווייב, פלעגט שטענדיק צו אים טענהן:

— יאנקל, וואָס טויג עס דיר? וואָס מישסטו זיך אין קהלס געשעפטן? עולם־הבא פעלט דיר? האָסט נאָך ווייניק? הלוואי אויף אלע יידן געזאָגט געוואָרן?... און דעם רבינס ספר, דעם „שפתי־ישרים“, ווער שרייבט? — „ער“? אויבן ווייסט מען אלץ — מיין נישט...

— ס׳כאַפּט אָן א חלשות, שיינדעלע. אומעטום גנבה, גזלה, און „אין הויף", מיינסטו איז בעסער? לאָ־מיר נישט זינדיקן מיט די רייד...

* * *

ווען יאַנקלס באַגיין זיך מיט זיין ווייב האָט מען אין שטעטל געוווסט. מען האָט געקוקט אויף דעם נישט גוט. ביי חסידים רופט מען נישט דאָס ווייב ביים נאָמען, „הער נאַר!", „זאָג נאַר!" יאנקל פלעגט זי רופן שיינ־דעלע, נאָך מיט א „לע", בלשון־חיבה, ווי להבדיל ביי די מתנגדים. להיפּוך צו איר מאַן יאנקלען, וועלכן איין צד האָט געהאלטן פאר אן עזות־פּנים, פאר א חצוף, און דער אנדערער — פאר א בעל־גאווה, א מענטש מיט „האָנאָר", האָט מען שיינדעלען ליב געהאט. א מזג־טוב, א שטילע טויב, — פלעגט מען וועגן איר זאָגן. טרייבן רכילות, מוטלען, איז נישט געווען איר טבע. אפילו בעתן אויסנעמען אין דער ווייבער־שול, ווען די ווייבער צע־לאָזן זייערע פלוידער־זעק, זיצט שיינדעלע אויף דער אָרט לעבן פענצטער און לייענט פון מחזור ארוים מש־לים אויף עברי־טייטש.

שיינדעלע האָט קיינמאָל קיין צייט נישט געהאט, איז שטענדיק פארטאָן, פארפאָרעט, שטענדיק ארבעט זי, לאַטעט, נייט, צערעוועט. אירע צוויי שטיבלעך מיטן קיכל — שקאַטולקעלעך, ס׳האָט געבלאנקט אין יעדן ווינקעלע. נישט בחינם איז ביי איר אויף יום־טובים און

ימים־נוראים איינגעשטאַנען יואל וואגמייסטער — איין קלייניקייט! — ס'איז א שטיק פרנסה. און די געפילטע פיש, וואָס שיינדעלע פלעגט מאכן און אנדערע מאכלים און פּאַטראָוועס — פארן קיסר צו שטעלן.

דעם בעסטן פארגעניגן האָט שיינדעלע געהאט אין די קורצע ווינטער־טעג, נאָך מיטאָג, ווען די קינדער פלעגן צוריקגיין אין חדר. דער בליי־לאָמפּ ברענט ני־דעריק איבערן טיש, אין שטוב איז היימלעך־ווארעם, שטיל, נאָר דער טשייניק זינגט א לייכט זמרל, עפּעס אויף א סימן. דעמלט זעצט זיך שיינדעלע אוועק מיט איר שקאַטולקע ניי־געצייג, אנטקעגן איר מאַן יאנקלען, וואָס ארבעט מיט פארגעניגן און התמדה. און דאָ, בשעת דער ארבעט, קומען צווישן זיי פאָר געמיטלעכע געשפּרעכן. טיילמאָל זענען די געשפּרעכן פול מיט דאַ־גות, וועגן תכלית פאר די קינדער, וועגן פרנסה, טייל־מאָל דערמאַנט מען זיך זכרונות זיסע פונעם עבר, ווען מען האָט געוווינט אין די ווילקער וועלדער, ווו ער, יאנקל, האָט געאַרבעט אלס שרייבער. נישט ווייניק נחת־רוח האָט שיינדעלע געהאט פונעם בלויזן קוקן אויף איר יאנקלען בשעת זיין ארבעט! — די שכינה רוט דאָך אויף אים...

אז יאנקל האָט ליב זיין ארבעט, האָט מען געקאָנט זען פון זיין פארפלאמט, התלהבותדיק פנים. שוין בלויז זיינע הכנות צום שרייבן זענען געווען יום־טובדיקע, פייערלעכע, ווי א ייד איז זיך מכין צו כל ־ נדרי אָדער צום סדר.

יאנקל פלעגט שרייבן מיט גענדזענע פענעס, און דאָס צוגרייטן זיי פארנעמט, כידוע, צייט. ער פלעגט זיי שניצן, שאָבן, פיילן, פארטיק מאכן איין פענע, אריינ־שטעקן זי אונטערן אויער, די צווייטע—אונטערן צווייטן אויער — אויף זאפאס — און ערשט מיט דער דריטער אָנהייבן שרייבן. אָט אין אזא מעמד: מיט די צוויי פע־נעס אונטער די אויערן, מיטן סאמעטענעם קאפל אויפן קאָפּ, מיט דער ברייטער שווארצער באָרד, אינעם לאנגן שלאָפראָק — אסור אויב דער כהן גדול בשעת דער עבודה האָט אזוי אויסגעזען.

קוקנדיק אויף איר יאנקלען אין אזעלכע מינוטן, פלעגט שיינדעלע מהרהר זיין: „וואָלט כאָטש געווען פרנסה... ביי נחלען זענען די עלנבויגנס אין קאפאָטקע־לע אויסגעריבן, מרדכילען וואָלט מען שוין לאנג בא־דארפט קויפן נייע שטיוועלעך, ער גייט שוין אויף די טילקעס... וואָלט „ער" דערלייגט כאָטש צוויי קארבן א וואָך... וואָס, ער וואָלט אָרעמער געוואָרן! לעצטנס האָט אים נאָך שייקע ראָזענבוים צוגענומען פאר א שותף צום געשעפט, אָן א פרוטה געלט... דעם רבנים נאָמען איז טייערער פון געלט... הייגט דאָס ספר!...

וויפל א שטייגער, למשל, וועט דער רבי אָפּגעמען פאר דעם ספר, וואָס מיין יאנקל האָט מער חלק דערין, ווי דער רבי גופא...

זי האָט אמאָל וועגן דעם טאקע געמאכט א חשבון מיט איר יאנקלען: באשר דער רבי האָט, זאָגט מען, בײ א הונדערט טויזנט חסידים אויף דער וועלט, און ווי

שייך וועט נישט יעדער חסיד וועלן האָבן דאָס ספר ביי זיך אין שטוב; דאָס ספר וועט מסמא קאָסטן נישט ווייניקער ווי צוויי קאַרבן, לאָמיר אָננעמען טאַקע צוויי קאַרבן, האָבן מיר א קימאַ-לן פון צוויי הונדערט טויזנט קאַרבן. רבונו של עולם! דאָס איז דאָך אן אוצר! א גאַנצער מאַיאָנטעק! און יאַנקל, נעבעך — פינף קאַרבן א וואָך! טאָ ווו איז יושר?

* * *

דער הייגטיקער ווינטער האָט זיך געשטעלט א פריער. אין סוכה איז מען געזעסן אין די פּאַלטנס. וויפל שיינדעלע האָט נישט געבעטן יאַנקלען, אז ער זאָל דאָס מאָל נעכטיקן אין שטוב, ווייל ס'איז פשוט פּיקוח-נפש — עקשן, בלייבט עקשן...

— שליחי מצווה אינן ניזוקין — האָט ער איר געענטפערט, און גיי טענה מיט אים.

חול-המועד סוכות האָט זיך טאַקע יאַנקל געפילט נישט מיט אלעמען, נאָר מודה זיין זיך האָט ער זיך נישט געוואָלט. ווי קאָן מען קראַנק ווערן ערב שמחת-תורה? וואָס-וואָס, אויף א ריקודל איז ער געווען א בעלן.

קוקנדיק אויף יאַנקלען שמחת-תורה, ווי ער צעלאָזט זיך, די גראָבע פינגער אין גאַרטל, דעם קאָפּ הויך פאַרריסן, דאָס פּנים פאַרפּלאַמט, און די פּיס ווי זיינע פּענעס, מאַכן אלערליי זיגזאַגן, שערן, מיט פאַרשידענע

שלשלתן... ווערט דאָס גאַנצע בית־מדרש פאַרכאַפּט, אַריינגעצויגן. אקסל ביי אקסל, הענט ביי גארטל, מיט פארמאכטע אויגן מיט דביקות, טאַנצט מען אינעם גרויסן בית־מדרש, אלט און יונג, קינד און קייט, אָרעם און רייך און מע פארגעסט אלע צרות, אלע סכסוכים, דער פסק־דין איז שוין ארויסגעגעבן: מי לחיים ומי למות, מי בשרפה ומי בחנק...

געקומען איז יאנקל פון בית־מדרש — אויסצודרעני־גען. ווי געוויינלעך יעדן שמחת־תורה רויכערט ער: דעם יאשמענעם ציגארן־שפּיץ, וואָס ער האָט באקומען דרשה־געשאנק, אין מויל און אין אים א האַוואנא־ציגאר. א ביסעלע בגילופין, מיט פייערלעך אין די אויגן, שטעלט ער זיך פאר זיין שיינדעלען... שיינדעלע ווייסט שוין — מען דארף מאַכן ס׳בעט. דאָס מאָל איז ער געקו־מען אָן די קינדער. אין בית־מדרש טאַנצט מען נאָך מסתמא, און ווי קומט עס, יאנקל זאָל קומען פריער — דאָס איז נישט זיין טבע. דאָס איז נאָך קיינמאָל נישט געווען...

אסרו־חג האָט זיך יאנקל נישט אויפגעהויבן, ער האָט געברענט. אנשל פעלדשער האָט־אים לאנג בא־טראכט, געהאקט אָדער און געהייסן שטעלן פּיאווקעס.

יאנקלס קרענק האָט זיך פארצויגן. ער איז געוואָרן דאר, אויסגעצערט. שיינדעלע פלעגט אלץ טאָן, וואָס אנשל פעלדשער האָט געהייסן, קאָכן אים יאיכלעך, ביי יעדער געלעגנהייט ווער ס׳איז געפאָרן קיין ווארשע, גע־בעטן קויפן א פּאָמעראנץ. יאנקל האָט געצאנקט. חנוכה

האָט יאנקל געבענטשט חנוכה־ליכט אין בעט, און שיינ־דעלע האָט אין דער קיך שטיל געוויינט. אין שטוב האָט אָנגעהויבן שמעקן מיט קאַמפאָר, פראַנצויזקע טערפּענ־טין און אנדערע רפואה־ריחות.

יעדן פרייטיק איז אריינגעקומען מענדל משמש, געבראַכט די פינף קאַרבן און א רפואה־שלימה פונעם אלטן. די פינף קאַרבן זענען אוועק אויף רפואות און פּאַר אנשלען. דער דוחק איז געוואָרן גרויס.

יאנקל פלעגט זיך קיינמאָל נישט מישן אין פּרנסה־ענינים, ווען דעם האָט שטענדיק געדאַרט שיינדעלעס קאָפּ. ער האָט נישט געוווּסט, אז שיינדעלע האָט שוין אריינגעטראָגן צום רויטן זרח די קרינאָלינע און דאָס זילבערנע זייגערל מיטן גאָלדענעם קייטעלע, וואָס זי האָט עס געטראָגן אויפן האַלדז נאָר יום־טובים. דאָס זיי־גערל האָט זי באַקומען דרשה־געשאַנק, דאָס איז געווען אַן אַנטיק: אויף איין טירעלע איז געווען אויסגעקריצט די מערת־המכפלה און אויפן אנדערן די מוטער רחלס קבר. שיינדעלע האָט שטאַרק ליב געהאַט דאָס זייגערל. זי וואָלט זיך דאָס אלץ געקאָנט איינשפּאָרן, ווען זי וויל אָננעמען די נדבות פון דער חברה מתן־בסתר. נאָר ניין! דאָס וועט זי נישט טאָן, זי ווייסט, ווי יאַנקל האָט דאָס פיינט, און בפרט נאָך, ווען פיניע וואָרם איז דער ראש פון דער חברה. זי האָט נאָך דאָס קידושין־רייפל און יאנקלס יאַשמענעם ציגאַרן־שפּיץ. אם ירצה השם, יאנקל וועט געזונט ווערן, וועט מען דאָס אלץ אויסקויפן. גאָט איז א פאָטער...

אויף פּורים איז יאנקל אראָפּ פון בעט, מיט שיינ־דעלעס הילף זיך אָנגעטאָן. עס האָט זיך געדוכט, אז עס איז ליכטיקער געוואָרן אין שטוב. שיינדעלע איז א ביסל אויפגעהייטערט געוואָרן, אויף איר פּנים האָט זיך באַ־וויזן א שמייכל.

יאנקל האָט געלייענט די מגילה, די קינדער האָבן געארבעט מעשים מיט די גרעגערס. דער אַפּעטיט האָט זיך ביי יאנקלען דוכט זיך פארבעסערט.

אויף צומאָרגנס איז יאנקלען ערגער געוואָרן. אנשל פעלדשער האָט געזאָגט, אז מען דארף ארויסרופן דעם דאָקטער עטינגער פון ווארשע. נאָר ווו נעמט מען געלט? וואָס צו פארזעצן איז שוין נישטאָ, און דאָ רוקט זיך אונטער דער פּסח.

אלע יאָר באלד נאָך פּורים, פריער פון אלעמען, הייבט זיך שיינדעלע אָן גרייטן צום פּסח. ביי איר שטייט איין דער ווארשעווער גביר און דאזאר יואל וואנגמייסטער, ס׳איז נישט אבי ווער. און קודם־כל די האלבע פּרנסה. נאָר היינט — א חולה אין שטוב...

שיינדעלע האָט זיך פאר קיינעם נישט מתנצל גע־ווען, האָט די טרערן געשטיקט אין זיך, נאָר אין שטילן האָט מען געוווסט. פארן שטעטל זענען קיין סו־דות נישטא פאראן.

אויף אן אסיפה פון דער חברה מתן־בסתר, ווען מען האָט צונויפגעשטעלט דעם צעטל אויף מעות־חי־טין, האָט פיניע ווארם דער דאזאר געלאָזט פאלן א וואָרט, אז יאנקל ווילקער איז געוואָרן א נצרך, און מען דארף אים נישט פארגעסן. פיניע ווארם האָט דאָ גע־

וואָלט שיכן צוויי האָזן מיטאמאָל: ווייזן, אז ער איז נישט קיין נוקם־ונוטר, און ביי זיך אין הארצן זיך אָפּ־רעכענען מיטן חצוף. ער האָט געקענט יאנקלס האָנאָר, און ער וועט זיך טאקע אין אים נוקם זיין!.

מען האָט געזען באשיינפערלעך, אז יאנקל גייט אוים. עס האָבן נישט געהאָלפן דעם אלטנס „רפואה שלימות. עס האָט נישט געהאָלפן אנשל פעלדשער...

*  *  *

ערב־פסח־צייט. די ביימער זענען שוין אין די „הויכע חדשים". די קנאָספּן — אָט, אָט, „צעזעצן" זיי זיך און ברענגען אויף דער וועלט א נייעם גרינעם דור. די בלאָטעס זענען שוין באלד אויסגעטריקנט, די ווייסל אין שטעטל — די שענסטע ווייסל אויף דער וועלט — איז גרעסער און פולער געוואָרן. די זון שיט אירע ברייטע נצחון־שמייכלען אין אלע ווינקעלעך... זי האָט אויך נישט פארגעסן אין יאנקלס שטיבל, וואָס איז פול גע־וואָרן מיט ליכט.

יאנקל בעט שיינדעלען, זי זאָל אים העלפן זיך אויפ־זעצן. דער קאָפּ ארבעט ביי אים קלאָר. ער בעט איר ברענגען דעם לעצטן דף פונעם כתב־יד, דעם דף ש"ג. ס'איז אים עפּעס דאָרט נישט אינגאנצן קלאָר, ער האָט אים געשריבן בחיפזון שיינדעלע דערנאלגט אים דעם דף. עס קומט אריין אנשל פעלדשער, און מיט זיין הויך קול ווערט פול די שטוב:

— איך האָב געזאָגט! איך האָב געזאָגט, שיינדע־לע, איר מעגט גרייטן דאָס הסב־בעט, אָט האָט איר א מלך אויף פּסח...

די טיר האָט א הויכן סקריפּע געטאָן. אויף דער שוועל איז שטיין געבליבן חנן טרעגער מיט א גרויסן קויש אויף די פּלייצעס, מיט אים איז אויך מיטגעקומען דער קליינטשיקער זכריהלע, דער שמש פונעם קליינעם בית־מדרש.

שיינדעלע האָט באלד אַלץ פארשטאנען... זי איז צו זיי צוגעלאָפן, געוואָלט זיי פארשטעלן, נאָר יאנקל האָט שוין געהאט דערזען... זיינע איינגעפאלענע אויגן זענען געוואָרן גרויס, דאָס פּנים גרין... די האנט, אין וועלכער ער האָט געהאלטן דעם דף, האָט ער אויסגעשטרעקט פאָרויס, ווי עפּעס אָפּצושטופּן. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן, שרייען, נאָר פון זיין מויל איז ארויסגעקומען א מאָדנער שלוקערץ, א כאָרכל, דער קאָפּ איז אים אוועק־געפאלן אויפן קישן, דער דף האָט זיך געוואלגערט אויף דער ערד...

שיינדעלע איז שטיין געבליבן געליימט. אנשל פעלדשער האָט זיך געפּאָרעט ארום דעם קראנקן, לאנג אים געהאלטן פארן דופק, ארויסגענומען פונעם טינטער די געגזענע פּענע, צוגעלייגט זי צו דער נאָז און מיט א געבראָכן קול ארויסגעזאָגט:

— ברוך דיין אמת...



דער אלטער שמש ר׳ משה לייב האָט ליב התבודדות.

נאָך שחרית, ווען דער עולם צעגייט זיך בלייבט ער אליין אין בית-מדרש.

עלנט איז ער ווי א שטיין, נישט קיין קינד, נישט קיין רינד. פאראן עפעס יאָ קרובים מעבר לים, האָבן זיי שוין לאנג אין אים פארגעסן און ווער ווייסט, אפשר זענען זיי שוין אויפן עולם האמת. לעבט ער אזוי משה לייב אין בית-מדרש מיט די ספרי-תורות, מיטן אלטן גרינעם פרוכת, ווו צוויי לייבן האלטן אונטער די כתר תורה, מיט די י״ב מזלות און מיט די פארשטויבטע ספרים.

אלט זענען זיי אלע, נאָך עלטער פון משה לייבן, אָפגעבליאקעוועטע, אָפגעקראָכענע, און פון אלע פילט זיך דער הארבער פארדומפּיקנער ריח פון שמעק-טאַבעק.

ווען קיינער איז נישטאָ אין בית-מדרש, זעצט ער משה לייב, זיך אוועק אויף ר׳בונעמל יידעטוואַרמס אָרט אין דער מזרח-וואנט, לאָזט אראָפּ זיינע, ווי שטיקער שמוציקע וואטע, געדיכטע ברעמען, פארשטעקט די הענט אין די ארבל פון זיין אלטן אלפּאגענעם סאַק און שטעלט איין דעם רעיון...

דערגאנגען צו א מעמד, הא?

ווער וואָלט זיך דאָס געקאָנט ריכטן, פון אזא כוח וואָס די וועלט האָט מיט אים געקאָכט, כמעט א שאגת ארי. לא יעשה השכל מה שיעשה הזמן...

משה לייבן חלשט דאָס הארץ, ער וואָלט געוון עפּעס איבערגעביסן, נאָר נישקשה, יום־כיפּור־קטן קאָן מען אָפּפּאסטן. כדי זיך צו פארלייכטערן דעם תענית, פאר־טיפט זיך משה לייב אין רעיונות, דערמאָנט זיך שטי־קער פון זיין שטורמיש לעבן, ווען ער איז נאָך געווען אין די פעדערן, ווען די וועלט האָט זיך מיט אים גע־רעכנט.

...דארף זיך מאכן, אז דווקא פאר די ימים נוראים פאלט אוועק דעם רבנים בעל־תפילה, יאָסעלע כעגטשי־נער. ווערט דאָך די אמתע בהלה, ווו נעמט מען א שליח־ציבור, ווער וועט זיך שטעלן פארן עמוד? איז מען אריין צום רבין. האָט ער, זאָל לעבן, געזאָגט:

— כ׳וויים, כ׳וויים, נישקשה, מ׳וועט בעטן משה לייבן פון ווארשע, וועט ער זיך מטריח זיין.

יאָ, אזוי האָט ער בפירוש געזאָגט: מ׳וועט בעטן משה לייבן, וועט ער זיך מטריח זיין...

ווען מען האָט אים דאָס מודיע געווען, משה לייבן, איז ער געבליבן געפּלעפּט. איין קלייניקייט, זיך שטעלן פאר אזא עדה יידן, קיין עין־הרע. אימתא דציבורא.

איז ער אראָפּגעפאָרן, משה לייב, אין הויף אריין און גענומען איינארבעטן מיט די באהעלפער. האָט זיך ארויסגעוויזן, אז ס׳איז נישט אזוי פשוט, נישט גאָר פון

די לייכטע זאכן. פערד, להבדיל, דערפילן אויך באלד דעם פרישן בעל־עגלה. נישט די האנט — האָבן זיי גע־טענהט — יאָסעלע האָט געהאט עפּעס אן איידל הענטל, א לייכטס.

צוממערסטן האָט זיך געעקשנט גבריאל דער באס, א ייד א גבר מיט א ברייטער שווארצער באָרד. א קול האָט ער געהאט, דער דאָזיקער גבריאל, פון א לעמ־פּערט. איז ער דערגאנגען צו דער מאמע אונטערשטער מדרגה, האָט זיך געדאכט אז מע רוקט א שאנק. מילא, שפּעטער, ווען זיי האָבן דערהערט וואָס פאר א כלי עס שטעקט ביי משה לייבן אין האלדז, זענען זיי בעסער געוואָרן.

און משה לייב האָט טאקע געוויזן וואָס ער קאָן. ער האָט אוועקגעלייגט א מוסף מיט א נעילה, אז דער עולם האָט געלעקט די פינגער, צו די שבחים איז קיין סוף נישט געווען. א סך ארבעט און כוח האָט ער ארייננגע־לייגט אינעם ונתנה תוקף. די משוררים האָט ער גע־לאָזט אונטערברומען טיף אין די בייכער, האָט זיך גע־דאכט ווי כוואליעס שפּילן זיך, יאָגן נאָך איינס דאָס אנ־דערע און ער אליין איז ארוים מיטן כבקרת רועה עדרו אזוי לייכט מיט א קאָפּ־פּאלצעטל, ווי א זיך וויגנדיק שיפעלע אויפן ים־הגדול.

מוצאי־יום־כיפור האָט מען אים איבערגעגעבן, אז „ער אליין" האָט אים געהייסן איבערגעבן א יישר כוח.

יאָ, בפירוש. „ער אליין" האָט אים געהייסן איבער־געבן.

... און ־עמלט אויף דער חתונה, ווען ניסעלע ראָ־
זענבוים האָט אויסגעגעבן זיין איינציקע טאָכטער, ראַן
איז ער טאקע משה לייב, נתגלה געוואָרן. איי, איז דאָס
געווען א חתונה. דער רבי איז ספּעציעל אראָפּגעקומען
קיין ווארשע מסדר קידושין צו זיין. געסט זענען געקו־
מען פון דייטשלאנד און אפילו פון פראנקרייך. — מען
דארף דאָך וויסן, אז ניסעלע האָט געהאט געשעפטן אין
אויסלאנד און אויך מעבר־לים. פאר זיי טאקע, פאר די
שררות, האָט מען אָפּגעגעבן די גרויסע סאליע. די
קאָטשן אויף דער גאס האָבן זיך אויסגעשטעלט אויף א
האלבן וויאָרסט. בלויז סערווירער זענען געווען ביי די
צוויי טויז, אחוץ סתם משרתים און קעכינס, און פיש
האָט מען דערלאנגט, איי פיש, ממש שטיקער לוויתן.
ס'האָט געריסן אין האלדז פון פעפער און די ליפּן האָבן
זיך געקלעפּט פון זיסקייט. טעם גן־עדן. מען האָט גע־
שמועס, אז די ווארשעווער יידן זענען דעמלט געבליבן
אָן פיש אויף שבת, ווייל ניסעלע האָט אָפּגעקויפט אלע
פיש פון „יאנושעס הויף".

היינט די קונצן מיט די שטיק וואָס עס האָט באוויזן
אברהמעלע מאטשעוויצער, דער וועלטבארימטער בדחן.
וועגן אברהמעלען פלעגט מען דערציילן גאָר נישט קיין
שיינע זאכן. מילא, דאָס קאפּעלע, וואָס ער האָט גע־
טראָגן אויפן סאמע שפּיץ קאָפּ און דאָס צו שיינע פאר־
דעכטיקטע בערדל, האָט מען אים מוחל געווען. נאָר די
שטיק וואָס ער האָט אויסגעארבעט מיט זיינע חוצפּה־
דיקע אויגן איז ממש געווען א חילול־השם. ער האָט מיט
זיינע אויגאַנעס פּשוט געפרעסן די צניעותדיקע כלות,

מען האָט בפירוש געזען. און פון זיין מויל האָבן זיך גע־
שיט פערל, פערל מיט בריליאַנטן. קיינעם האָט ער
נישט פארזען, קיינעם נישט אדורכגעלאָזט. דעם רבין
האָט ער געגליכן צו איינעם פון די יסודי עולם, וואָס
האלטן אונטער די וועלט, זי זאָל חלילה נישט אומפאלן,
און די שררות, די גויים, וואָס זענען געקומען פון אויס־
לאנד — צו די חסידי אומות העולם. ניסעלען דעם
מחותן האָט ער שיעור נישט פאַרגליכן צום רבין
בכבודו ובעצמו:

דעם מחותן, דעם צדיק, דעם גביר און אדיר
ר׳ נתן,
וואָס זיצט לעבן חתן,
וואָס וועט עסן א גרויס שטיקל פון לויתן.
און זאָל טאקע זיין שמחה וששון —
אויפגעשפילט זאָלן ווערן!...

ביים באזעצן די כלה, האָט זיך געטאָן סכנות־נפ־
שות. דער גאנצער עולם האָט געוויינט, די ווענט האָבן
מיטגעוויינט, שטיינער האָט ער געקענט ווייך מאכן
דער אברהמעלע. אזא פיסק האָט ער געהאט.

די כלה, ווי דער שטיינער איז, האָט געחלשט. מען
האָט זי געמינטערט מיט פארשידענע חלשות־טראָפּנס.
די שררות האָבן זיך דאָ אפילו אריינגעמישט און גע־
גאָסן מיט זייערע פּערפומען. איי, איז דאָס געווען א
חלשן.... ווו זעט מען דאָס היינט? ביי די היינטיקע
כלות, א טרער ארויסצוקוועטשן, קומט אָן מיטן טויט...

היינט די מוזיק. א גאנצע קאפעליע, מיט טראָמ־
פייטערס, מיט אלצדינג. איין חסרון איז נאָר געווען,

וואָס דאָס פידעלע איז געווען א גלות. ווען מען האָט געפרעגט דעם רבין: היתכן? וואָס זאָל מען טאָן? האָט ער געענטפערט: „מילא"...

אזוי האָט ער בפירוש געזאָגט: „מילא". דעם היתר האָט ער געגעבן מסתמא, ווייל ער האָט געוווּסט, אז ער שפּילט אין די פילהארמאָניעס. יאָ, אלץ האָט ער געוווּסט.

דעמלט טאקע איז ער — משה לייב הייסט עס — ארוים מיט זיין „חתן־כלה מזל־טוב". געווען נאָך יונג, דאָס קול — ריינער שטאָל. האָט ער טאקע מרעיש געווען.

דער רבי האָט שפּעטער אויפגעוואָרפן ניסעלען: „פע, ניסעלע, נישט שיין, ניסעלע נישט שיין. באַהאלטסט פאר מיר אוים אזא כלי"...

ביים געזעגענען האָט ער א ביסל לענגער געהאלטן משה לייבס האנט, אים אָנגעקוקט און געזאָגט: גוט. אזוי האָט ער בפירוש געזאָגט: גוט.

און דעמלט, ווען זיין הענעלע, עליה השלום, איז פון דער וועלט געגאנגען — א חלושה איז זי געווען, זיין הענעלע. זי איז קראנק געווען אויף עפּעס א מין קרענק וואָס מען רופט נגינה, זי איז פשוט דערשטיקט געוואָרן רחמנא לצלן — האָט דער רבי געזאָלט זאָגן: תהיה נשמתה צרורה בצרור החיים. יאָ, אזוי האָט ער געזאָגט בפירוש: ת׳נ׳צ׳ב׳ה.

און טאקע באלד נאָך איר טויט איז דאָס אומגליק געשען. ער האָט זיך מסתמא אָנגעשטעקט מיט זיין הע־

געלעס קרענק, די נגינה, און פארלוירן דאָס קול... אויס חזן, אויס שליח־ציבור...

משה לייב האָט דעמלט געמיינט, אז די זון איז פארטונקלט געוואָרן, די וועלט איז אונטערגעגאנגען.

איז מען געקומען משה לייבן טרייסטן און זאָגן, אז דער רבי האָט געזאָגט: השם נתן והשם לקח, דאָס האָט ער געמיינט זיין קול, זיין קול האָט ער געמיינט, און נאָך האָט ער געזאָגט: מילא, לאָז ער ווערן שמש אין בית־מדרש.

אזוי האָט ער בפירוש געזאָגט: שמש אין בית־מדרש.

פון דעמלט אָן איז ר׳ משה לייב חזן געוואָרן — משה לייב שמש. דער עולם האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן פארגעסן זיינע אמאָליקע גבורות, זיך אָנגעהויבן מיט אים צו באדינען, געשיקט שליחותן; ער האָט משמש געווען דעם עולם ביי מלווה־מלכות און געלעבט פון נדבות.

משה לייב האָט פארבונדן זיין גורל מיט די ספרי־תורות און פרוכת, מיטן עמוד און ספרים און פון זיין אַלפּאַגענעם סאַק און פונעם סוברינענעם פּאַלטן האָט זיך געפילט דער שארפער פארדומפּענער ריח פון שמעק־טאבעק.

תרעומות קאָן מען צו קיינעם נישט האָבן, ניין. א גאָט־זאך. און צוריק געשמועסט איז אים גאָרנישט אזוי שלעכט. וואָס שייך כבוד — אמת, כבוד — ווייניקער. אָבער דאָס האָט זיך משה לייב דערוואַרבן פון עפּעס אנדערש: פון זיין באָרד, וואָס איז וואָס אמאָל ווייסער

געוואָרן, פון זיין זקנה, פון זיין רוקן וואָס האָט זיך וואָס מער איינגעבויגן...

פרנסה? — נישט צו פארזינדיקן. מיט שבתים און יום־טובים איז ער באזאָרגט, משה לייב. דער השם ית־ברך פארלאָזט נישט: איין שבת ביי ר׳ בונעמלען, א צווייטן ביי ר׳ ניסעלען, א דריטן ביי אן אנדערן גביר, און אויב שבת, כאפט מען אויך אריין א שלוש־סעודות, א־מאָל אויך א מלווה־מלכהמלע און דאָ בלייבט שוין אי־בער א גאָרנישט, עטלעכע טעג דאָרטן, אמאָל געפאלט נאָך א תענית, א יום־כיפור־קטן — מע קומט אדורך...

זיצט אזוי דער אלטער שמש אויף בונעמל זיידענע־ווארמס אָרט אין דער מזרח־וואנט. די גרויסע ברעמען ווי שטיקער וואטע הענגען אים אראָפּ, די הענט און די ארבל פונעם אלטן סאַק, און עס דוכט זיך אים, ווי ער שטייט פארן עמוד, ארום אים די משוררים און פון זיין האלדז גיסן זיך מתיקותדיקע קולות — ניגונים און ער דרייט און ציקלט דעם „המלך“.... ווי קומט דאָ דער „המלך“? ער דאוונט דאָך גאָר מוסף?! אָבער פונעם „המלך“ קאָן ער זיך בשום אופן נישט ארויסדרייען. און ער פילט, דער אלטער שמש, ווי דאָס הארץ חלשט אים — א שווערער, זייער א שווערער תענית...

— הענעלע! הענעלע! וואָס גרייסטו נישט צום טיש, דאָס הארץ איז מיר אוועק... — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווען דער עולם איז געקומען צו מנחה־מעריב, איז דער אלטער שמש נאָך געווען ווארעם...

ער פלעגט שטענדיק טענהן: א שטעפער, איז נישט קיין שוסטער, שטעפעריי איז פּאַרט אַן אײדל פאַך. פייגעלע די „קאַמאַשן־מאַכערין", זיין ווייב, ווען זי האָט געוואָלט א „שטאָך" טאָן איר מאַן עזריאלן, פלעגט זי זאָגן: דער ערגסטער בעל־חי אויף דער וועלט איז דווקא א שטעפּער, ווייל א שוסטער האָט סוף כל סוף צו טאָן מיט מענטשן און א שטעפער... מיט שוסטער. פון די „סמאָלע־קעפּ" — אזוי האָט עזריאל אָנגערופן זיינע יידישע שוסטער — וואָלט מען נאָר געקאָנט גיין איבער די הייזער, מ'וואָלט פאַרדינט וואַסער אויף קאַשע, קיין רעכט שטיקל ארבעט פון זיי האָסטו נישט, רק אלטווארג: א קאַפּ, אַן אונטערנייעכץ. זכריה דער זולל וסובא — געראַפן האָט מען אים אזוי דערפאַר, ווייל יעדן פרימאָרגן אויף אָנבייסן האָט אים דאָס ווייב געמוזט דערלאַנגען א יאַטשניצע פון צען קנייטעזילעך — קאָן בכלל נישט מאַכן קיין נײַ שטיקל אַרבעט. און לייבישל, די „זונה", וואָס לויפט יעדן טאָג צו אן אנדערן שטעפּער, ווײַל ער זאָל זיין דער פרנסה־געבער, וואָלט מען געמעגט לייגן די ציין אין בייטל אריין, טאַקע דערפאַר האָט אים עזריאל געראַפן זונה. די נאָוואָליפּיע גאַס האָט אים געראַפן „זונה" צוליב אַן אנדער סיבה. געשמועסט האָט מען, אז לייבישל פלעגט זיך

אריינכאפן פון צייט צו צייט דווקא אין מיטן העלן טאָג צו א נקבה...

ווען נישט די צוויי קריסטלעכע שוסטער, וואָלט ער טאַקע שיין אויסגעזען. פון זיי, קאָן מען זאָגן, האָט ער טאַקע די גאַנצע פרנסה.

עזריאל האָט גאָלדענע הענט, א טייערער בעל-מלא-כה, נאָר איין זאך — זאָגט ער — פעלט אים — מזל. פון ווען נאָר ער האָט אָנגעהויבן ארבעטן „פארזיך", האָט ער געשטרעבט אָפצושפּאָרן א ביסל געלט, קויפן א ביסל סחורה און ארבעטן „אייגנס", נישט דארפן אויסקוקן, ס'זאָל ווער עפּעס אריינברענגען... א ביסעלע פון דער מלאכה, און אביסעלע פון מסחר, א ביסל מיט די הענט און א ביסל מיטן קאָפּ און גאָט וועט העלפן. האָט אים אָבער זיין פייגעלע מהנה געווען מיט דריי קינדערלעך, געזונט און שטארק זאָלן זיי זיין, פארשידענע מאָזלען, שארלעך, קאָקלושן און אנדערע חולאתן, רחמנא לצלן, און אדרבא, גיי זיי א קאָזאק און שפּאָר. איז טאקע עזריאל געבליבן א „ריינער" בעל-מלאכה אָן מסחר.

געהאלטן האָט ער איין מענטש, זלמן דעם מעזרי-טשער. דער בחור האָט זיך געשניטן אויף א „לייט" — „ער זאָל זיך נאָר נישט אויסגליטשן". אין קורצן דארף ער שטיין צום פריזיוו. מען האָט אים געעצהט ער זאָל זיך „מאכן אַן אויער". נאָר זלמן וויל דערפון נישט הערן. כאָטש זיין אוועקגיין וועט פאר עזריאלן זיין א גרויסער קלאפּ. נאָר אין זיך גיט ער אים גערעכט. ער האָט געכאפּט זיין שניט. ער מאכט שוין א גאנץ שטיקל

אַרבעט, א גלאַטיקס. אנומלט האָט אים פּיאָטרעק שטארק געלויבט. גוט באַקוקנדיק זיינס א דאַמען־כאָ־לעווקע, האָט ער געזאָגט אויף יידיש: „בעלעמונעס, ער וועט זיין א באַמלוכע".

פייגעלע די שטעפּערין האָט אים נישט שטארק ליב געהאַט, זלמנען, זי פלעגט זיך טיילמאָל צו אים טשעפּען, באשר: ער איז א זולל וסובא און האָט נישט קיין „ריינע הענט", נאָר עזריאל פלעגט איר „אוועק־זעצן", נישט לאָזן. איינמאָל, ווען זלמן איז ערגעץ א־רויסגעגאנגען און איבערגעלאָזט הענגען זיין רעקל, איז פייגעלע צוגעגאנגען און פון די קעשענעס ארויסגעצויגן שטיקלעך לעדער פון פארשידענע קאָלירן. עזריאל איז אזש רויט געוואָרן פאר כעס און קרענקונג. — לייג שוין צוריק אריין! — האָט ער געשריגן אויסער זיך, — די מינוט לייג צוריק אריין, זאָג איך דיר! איך, ווען כ'בין געווען א מענטש ביי יענעם, בין נישט בעסער געווען. כ'האָב אויך געזינדיקט. מער זאָלסטו מיר דאָס, למען השם, נישט טאָן, הערסטו!?

עזריאל איז געווען א פשוטער ייד. נישט פון די גרויסע פרומאקעס. יידיש געקליידט, מיט א שוואַר־צער באָרד. ווען קיינער האָט נישט געזען, פלעגט ער מיט א שערל זי פארגלייכן פון צייט צו צייט. א דאווע־נען בציבור האָט ער ווי ווייט מעגלעך נישט אדורכגע־לאָזט. אינדערוואָכנס האָט ער געדאוונט ביי זיך אויפן הויף אין „שילעכל". דאָס איז געווען פאר אים אן אָפּ־קומעניש. ער האָט שטארק נישט ליב געהאַט די „באָסע קאָמאנדע" — אזוי האָט ער אָנגערופן די שול־גבאים.

דאָס שילעכל האָבן געהאלטן די חברה „מחזיקי חולים“. די „גוט־שבת־יידעלעך“. עזריאל האָט געוווסט, אז דאָס איז א חברה לויטער גנבים. ס׳וואָלט בעסער געפּאסט, זי זאָל הייסן „חברת מחזיקי גנבים“. שבתים אין ימים טובים האָט ער געדאוונט אין רייכמאנס שול אויף נאָוואָליפּיע, ביים צווייטן מנין. פאַרן דאַווענען, ביים שיינעם גלעזל טיי מיט ציטרין, פלעגט ער מעביר סדרה זיין מיט א ניגון — שנים מקרא ואחד תרגום. ר׳סענדער דער שמש פון רייכמאנס שול, וואָס האָט געהאט די „גאנצע מאכט“, האָט אים גאנץ גוט באהאנדלט: א שטעפּער איז נישט קיין שוסטער, פאָרט אן איידל פאך.

* * *

ווען נישט די צוויי קריסטלעכע שוסטער וואָלט עזריאל שוין אויסגעזען. פון זיי האָט ער געהאט בלויז נייע אַרבעט.

פּיאָטרעק, דער דזשאָבאטער, האָט געוווינט אויף נאָוואָליפּיע אין טויער. דאָס איינציקע פענצטערל אין גאס ארויס, האָט אים געדינט פאר א „וויסטאַווע“, אין וועלכער ס׳איז געשטאנען: א שטיוול מיט הויכע טילקעס, א פּאָר האמען־לאַטשן און א פּאָר שטיבלעטן מיט גומעס. געהייסן האָט ער פּיאָטר, און אויפן ביינאָמען — רעק. האָט געגומען עזריאל און צונויפגעפּאָרט ביידע נעמען און אים גערופן פּיאָטרעק. פּיאָטרעקן איז דאָס דווקא שטארק געפעלן. אַן איינפאל! דעם ווארשטאט האָט ער געהאַלטן אונטן און געוווינט האָט

ער מיט זיין ווייב — קיין קינדער האָט ער נישט געהאַט — אויף דער אַנטרעסאָלע, וואָס האָט זיך געצויגן איבער דער גאַנצער שטוב, וואוהין מען איז ארויפגעגאַנגען אויף שטיגעלעך. עזריאל איז שטענדיק נתפעל געוואָרן פון דער ריינקייט, פון דער ציכטיקייט, וואָס האָט גע־הערשט אינדערהויף, פון די ווייסע פאָרהענגלעך, פון די פּיל קישנס, וואָס זענען געלעגן אויפן איינציקן בעט. איינע אויפן אַנדערן — א גאַנצער באַרג.

געוועזן איז פּיאַטרעק א דארער, א הויכער, א קרענקלעכער, מיט א שטארק געשטופּלט פּנים, שטענ־דיק אונטערגעהוסט און א סך גערויכערט. די קליינע בלויע אייגעלעך האָבן שטענדיק געקוקט גוטמוטיק און וווילזינגעריש. עזריאל האָט אים שטענדיק באַוווּנ־דערט: א זדעבליאק, א שברי כלי, און שטענדיק פריי־לעך. עגמת־נפש האָט אים פונדעסטוועגן נישט גע־פעלט, צוליב מאריאנען, דעם שוואָגער זיינעם — זיין פרוים ברודער, וואָס האָט ביי אים געארבעט. ער איז שטענדיק געווען שיכור און געווארט אויף זיין טויט, כדי איבערצונעמען דעם ווארשטאַט. ווינענדיק אויף א יידישער גאַס, האָבנדיק כמעט בלויז יידישע קו־נים, האָט פּיאַטרעק גערעדט גוט יידיש און אפילו מיט לשון־קודשדיקע ווערטער.

עזריאל האָט ליב געהאַט פּיאַטרעקן פאר זיין ער־לעכקייט. א גאַנצע וואָך האָט ער געארבעט אויף באָרג, נאָר אז עס איז געקומען פרייטיק, האָט ער זיך באַ־רעכנט און באַצאָלט ביז איין גראָשן. פּיאַטרעק האָט גע־ווּסט, אז אויף שבת דארף עזריאל געלט און מען טאָר

נישט איינהאלטן. יעדן פרייטיק מיטאָג־צייט קומט ער אריין, נעמט ארויס דאָס ביכעלע מיט די רויטע טאָוועלעך און אויפן מארמאָר־שטיין, וואָס ליגט אויפן טיש, פארן רעכטעוועד, שרייבט ער איבער מיט א בלייפעדער אלץ געני אין בארעכנט. פון דער הינטערשטער קעשענע נעמט ער ארויס דעם טייכטער, ווו ער האָט געהאלטן דאָס פאפיר־געלט, און אויב ס'איז אויסגעקומען צוצאָלן מיט „זילבער", האָט ער ליב געהאט די מטבע ווארפן אויפן מארמאָר, אז זי זאָל אונטערשפרינגען. פיאָטרעק פלעגט זאָגן: „קעסעף טואָ".

אָפּרעכענענדיק זיך, באַצאָלן ביז איין גראָשן, איז פיאָטרעק נאָך נישט אוועקגעגאנגען. ער האָט געוווסט, אז מען וועט אים אזוי זיך נישט אוועקלאָזן. פון דער קיך הערן זיך קולות, געוואלדן. דאָס צוואָגט פייגעלע די קינדער לכבוד שבת. צוזאמען מיט די קולות שפארן פון דאָרט ארויס געשמאקע ריחות פון די שבתדיקע מאכלים. דער ריח פון יידישע פיש האָט געדייצט די נאָז, דער ריח פון דעם א ביסל צוגעברענטן מערן־צימעס אויסגעמישט מיט צימערינג און נעגעלעך, האָט אים געוואסערט ס'מויל. באלד וועט זיך פייגעלע אָפּפארטיקן מיט די קינדער, אים אוועקשטעלן אויפן מארמאָר־שטיין צו פארזוכן דאָס שטיקעלע נאָךווארעמע פיש מיט געשמאקע פיש־יויך, דערנאָך דאָס ביסעלע שמעקעדיקע צימעס... און אזוי יעדן פרייטיק.

אין א „באָזשע נאראָדזעניע" אָדער א „ווייעלקאנאָץ" איז נישט געווען דאָס מאָל, אז עזריאל מיט פיי־

געלען זאָלן נישט מוזן אריבערגיין צו פּיאָטרעקן. אחיים גיין פלעגן זיי פרייליך, „אונטערן גלעזל“, זיך פעסט האלטן איינער אין אנדערן, כדי נישט ווערן צו לייטיש געלעכטער...

אזוי האָט מען זיך שוין געפירט מכּמה יאָרן.

עזריאלס צווייטער קריסטלעכער קונה איז געווען דזשעניצקעלע פון דער כלאָדנע גאס. דאָס איז געווען שוין גאָר אַן אַנדער מין פּארשוין. א רייכער שיך־סוחר, ערשטע גילדע, מיט מעדאלן, שיינע שילדן, מיט גרויסע וויסטאוועס. רייך איז ער געווען — קורח. אחוץ דעם אַן אָנגעזעענער שטאָט־באלעבאָס, א ראטמאן. ער האָט געהאט עפּעס א חזקה, אָנצוצינדן די גאז־לאמטערנס אויף דער כלאָדנע. איז ער יעדן פארנאכט, ווען ס׳הייבט אָן טונקל ווערן, ארומגעגאנגען — אין הארטן קאפעליוש, אין דער „מושקע“ מיט די ווייסע ארבעסלעך און געלע לעדערנע הענטשקעס אויף די הענט, — מיט אַן אייזער־נעם לאנגן פאקל און אָנגעצונדן די לאמטערנס.

דזשעניצקעלע איז געווען עזריאלס א קונה צוליב די שטיוול. אזא בעל־מלאכה אויף שטיוול, ווי עזריאל איז געווען, האָט מען געדארפט זוכן. כידוע, שפּילט די גרעסטע ראָל אין שטיוול דער שניט. און אויפן שניט איז עזריאל געווען א געוואלדיקער מומחה. ווילסטו א רוסישן שטיוול מיט איינגעשטעפּטע בלעטער, — האָס־טו געפּועלט. דארפסטו האָבן א פּוילישן שטיוול מיט הויכע טילקעס — קען ער אויך, און אויב דו ווילסט דווקא א געמזאָמע חסידיש ווייך שטיוועלע, — איז אדרבא. מיט איין וואָרט, נישט קיין שטעפּער — א

פּראָפעסאָר! און היינט ווי גוט די כאַליעווע האָט זיך געלייגט אויף דער קאָפּיטעו! די שוסטער האָבן פּשוט געזענטשט זיינע הענט. טשוועקעווען האָט מען געקענט פּמש מיט די בלויזע פינגער, אָן א צוואנג. אַנצוטאָן אזא שטיוול האָט מען נישט באדארפט קיין אויערן. האָסט איז ממש ארויפגעצויגן, ווי א זאָק.

דזשעניצקעלע איז געווען א געוואלדיקער מבין אויף ארבעט, אָן עזריאלן וואָלט ער זיך נישט געקאָנט באגיין. פונדעסטוועגן האָט ער אים מורא געהאט צו גע־טרויען לעדער. ער פלעגט אליין קומען, אינעם הארטן קאַפּעליוש, מיט דער מושקע, אין די לעדערנע הענטש־קעס, מיט א פּעקל האָרנס כראָמען אונטערן אָרעם, און שטיין און ווארטן ביז עזריאל וועט צושניידן. מען קאָן נישט זאָגן, אז דזשעניצקי איז געווען אַן אוהב ישראל. ניין, נאָר קיין צורר יהודים איז ער אויך נישט געווען. ער האָט גלאט ליב געהאט איינצוהאַלטן די פּאָר זלאָ־טעס. ער האָט זיך געהאלטן פאר א גרויסן חכם און כי־טראק, — אים וועסטו נישט אָפּנארן. נאָר פאר עזריאלן האָט ער א ביסל מורא געהאט. פאָרט א ייד, א ייד קאָן אים אמאָל איבערכיטרעווען.

אחוץ דעם האָט עזריאל געהאט נאָך „אויסלענדי־שע“ פּוילישע שוסטער פון דער פּראָווינץ. כאדעצקעלען פון בלענדראָוו און טראַיאנאָווסקעלען פון פּיאסעטשנע. אלע פּוילישע שוסטער האָט עזריאל גערופן — פּארוואָם עפּעס — מיט א „לע“ צום סוף.

כאדעצקי פלעגט קומען אויף א צוויי־דריי טעג מיט גרוים טומל און רעש, מיטברענגען עטלעכע עופות און

נישט אָפּטרעטן, ביז וואנען מ׳האָט אים פּאַרטיק גע־
מאַכט זיין אַרבעט. דאָ טאַקע אין ווארשטאט, איז ער
געשלאָפן אויף אַן אויסלייג־בעטל, וואָס פייגעלע האָט
געהאלטן פאר דעם צוועק. געגעסן האָט ער שטענדיק
באַטשעק מיט סכאב, פון וואָס עזריאלן האָט אָנגעכאפּט
א נידזשאָטע, ס׳האָט אים געמיגלט צום ברעכן.

* * *

עזריאל האָט באקומען צוויי קלעפּ מיט איין מאָל.
דער ערשטער קלאפּ איז געווען זלמנס אוועקגיין צום
מיליטער. „מאכן זיך אן אויער״ האָט ער נישט גע־
וואָלט. געגעבן האָט מען אים די ערשטע קאטעגאָריע
און געדינט האָט ער אין יאבלאָנע. בריוו האָט ער גע־
שריבן זייער שלעכטע. אין ערשטן בריוו שרייבט ער:
„טייערער מייסטער! איך קאָן אייך מיטטיילן, אז כ׳בין
געזונט. דאָס נעמלעכע פון אייך צו הערן. די סמיקאלקע
פון מיליטער־דינסט האָב איך דערשנאפּט, ס׳איז גאָר־
נישט אזא גרויסע תורה. כ׳קאָן אייך זאָגן, טייערער
מייסטער, אז צושניידן א פאָר שטיוול, אָדער אריינניי־
ען אַן אָבזאץ איז א סך א גרעסערע קונץ. איך לייד א
סך צוליב מיין נאָז... דער פּאָדפּאָרוטשניק ראָמאנאָווס־
קעלע איז א שונא ישראל און ער טוט מיר אָן געברענ־
טע צרות. אז דער השם יתברך וועט העלפן און איך
וועל דאָס אלץ איבערקומען, וועל איך זיין אוים׳אייזן
און וועל דארפן גומל בענטשן״. עזריאל, ביים לייענען
דעם בריוו, האָט עטלעכע מאָל זיך פארהאקט אין מיטן
און אוועקגעקוקט... פייגעלע, כאָטש זי האָט נישט

שטארק ליב געהאט זלמנען, ווייל ער איז געווען א זולל וסובא און נישט געהאט קיין „ריינע הענט“, האָט גע־ווײנט מיט ביטערע טרערן.

דער צווייטער גרויסער קלאַפּ, וואָס עזריאל האָט באַקומען, איז געווען פּיאָטרעקס קרענק. ער האָט גע־הוסט און געהוסט, ביז וואַנען ער האָט אויסגעהוסט א „קוואַטאָק“. ליגט ער אינדערהייך אויף דער אַנטרעסאָ־לע, מיט אייז אויפן הארץ. נישטאָ שוין מער דער וויל־יונגערישער גלאַנץ אין זיינע בלויע, קליינע אייגעלעך, די שטופּלען אויפן פּנים זענען געוואָרן בולטער. עזריאל זאָגט יעדן טאָג פאר אים א קאַפּיטל תהילים... מאַריאַן, פּיאָטרעקס שוואָגער, זיין שוועסטערס ברודער, שיכורט וואָס א טאָג אלץ מער און ווארט מיט אומגעדולד, ער זאָל קאָנען איבערנעמען דעם ווארשטאַט.

א טאָג פאר פּיאָטרעקס טויט איז עזריאל געווען אין דער הייך. ער איז געווען ביים פּולן זינען: „יאָ עז־ריאל, עזריאל, ס'איז געקומען די צייט און מען דארף זיך גרייטן אין גיהנום אריין — האָט ער זיך געזעגנט. א „גאָ“ וועט זיכער גיין אין גיהנום“. עזריאלן האָט זיך געדוכט, אז זיינע קליינע בלויע אייגעלעך האָבן ווידער באַקומען א ווילונגערישן ביטערן גלאַנץ.

אויף פּיאָטרעקס לוויה, וואָס איז געגאַנגען איבער די יידישע גאסן קיין פּאָוואָנזעק, האָט מען געקאָנט זען ווי צווישן עולם באַגלייטער גייט א לאַנג געקליידעטער ייד אין א שווארצער באָרד, מיטן היטל אויפן קאָפּ און לעבן אים א יידישע פרוי. — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

דזשעניצקעלע צינדט נאָך אלץ די גאז־לאמטערנס אויף דער כלאָדנע גאס און ר׳סענדער דער שמש פון רייכמאנס שול אויף נאָוואָליפּיע, וואָס האָט דאָרט די „גאנצע מאכט“, באהאנדלט נאָך גאנץ גוט עזריאלן: ווי ס׳זאָל נישט זיין — א שטעפּער איז נישט קיין שוסטער, פאָרט אן איידל פאך.

---

דאָס הויז האָט זיך פון די איבעריקע אויסגעטיילט מיט זיין ארכיטעקטור. א פּראוואָרלאָזטער פריצישער פּאַלאַץ.

אמאָל האָט די צוויי „פליגל״ פאראייניקט א שיין־געפורעמט שטאכעטן־טויער און איןביידע זייטן זענען געשטאנען ריזיקע קאשטאן־ביימער. די צוויי פריצישע הייף זענען געווען באגרינט און באזעצט מיט געפלעגטע בלומען בייטן. בעת אן אויפנאמע פלעגן זיך פארן פּאַלאַץ אויסציען רייען קארעטעס, מיט פאראדנע קוטשערס אין ליווריעס און צילינדערס. די זאלן האָבן געהילכט פון אָרגיעס, די קעלערס האָבן געשמעקט מיט הארבע ריחות פון הונדערטיעריקע וויינען.

דער שררה איז געשטאָרבן,
די ביימער זענען געוואָרן פארדאָרבן,
דער וויין איז אויסגערונען
און...

די צוויי פליגל שטייען נעבעכדיקע, אָפּגעשיילטע, פארחושכטע. ווו נישט ווו הענגען אויף משקולת שטיקער אלטע געזימסן, א זכר פון בּאראָק, אנשטאָט דאָס אייזערנע שטאכעטן טויער — אן אלט הילצערן געל טויער, און אויפן אָרט פון די קאשטאנעס — א פּאַפּיראָסן־קיאָסק און רבקה־ביילעס סאָדעוואסער־געוועלבל.

די הייף פון דעם אלטן פאלאץ באוווינען איצט יידישע באלמעלאָכעס, ארבעטער, טרעגער און אָרעמע לייט. דער איינציקער פּאָליאק, דער אלטער ברייטוואָנ־סיקער סטרוזש וולאדיסלאַוו, רעכנט זיך דאָ, צוזאמען מיטן באלעבאָס, פאר די רייכסטע איינוווינער.

אויפן עק פון צווייטן הויף שטייט אן אלטע חורבה. אמאָל איז דאָרט געווען די שטאַל פון דעם שררהס יאַגד־הינט. ווען דער פאלאץ איז פארקויפט געוואָרן, איז די שטאַל פארוואנדלט געוואָרן אין א שאנד־הייזל. שפּע־טער, אונטערן דרוק פון די איינוווינער און השתדלות פון די גבאים איז דער באלעבאָס געצוואונגען געוואָרן דאָס „הייזל" משלח זיין. פון דעמלט אָן שטייט די חור־בה א ליידיקע, קיין בעלנים אויף איר זענען נישט פא־ראן — שפּילט זיך דאָרט דאָס יונגוואַרג אין „גזלנים" און פירט מלחמות.

די קעלערס פון דעם אלטן פאלאץ רופן די איינ־וווינער „די קאטאקאָמבן".

אמאָל האָבן די פריצים געבויט זייערע קעלערס נישט ווייניקער זאָרגפול ווי די פאלאצן גופא. זיי האָבן געדינט פאר סקלאדעס אויף שפּייז און אַלטע ווייגען. אין די קעלערס האָט מען באהאלטן און באגראָבן אוצ־רות. אין זיי האָבן די גראפן געהאלטן געקאָוועט אין קייטן זייערע באזיגטע שונאים. זיי זענען געווען געבויט קונציק און כיטרע, מיט געדרייטע וועגן און לאבירינטן, טיפע נישעס, שווערע ענגע דורכגענג און געהיימע א־רויסגענג.

די יידישע איינוווינער פון די הייף האָבן נישט באַנוצט די קעלערס, — מורא געהאט פאַר זיי. זענען די קאַטאַקאָמבן געשטאַנען פוסטע, פאַרוואָרלאָזטע, אומהיימלעכע. די דורכגענג זענען פאַרוועבט געוואָרן מיט שפּינוועבס.

אינעם דורכגאַנגס־טויער פון איין הויף אין צווייטן איז געשטאַנען די פּאַלאַץ־קאַפּליצע. די שיינע, אַמאָל געוועלבטע קאַפּליצע, מיט די געשניצטע קאַרניזן און געווינקלטע גאָלד־שניטן, איז מגולגל געוואָרן אין אַ שולעכל, אין אַ מקום־קדוש און אויפן אָרט, ווו עס איז געשטאַנען דער אַלטאַר, שטייט היינט אַן ארון־קודש.

די באַלעבאַטים פון שולעכל האָבן זיך אָפט געביטן. זי איז איבערגעגאַנגען פון חברה צו חברה. פריער זענען דאָרט געווען די חברה „מחזיקי לומדי תורה“, דערנאָך האָבן עס געדונגען די „תומכי יולדות עניות“, שפּעטער האָט עס איבערגענומען די חברה „מחזיקי־חולים“ און צום סוף האָבן זיך דאָרט איינגעגעסטלט און פאַרפּעטיקט די אומאַנער, די „טויטע חסידים“, און פאַרוואַנדלט דאָס שולעכל אין אַ שטיבל.

די הייף האָבן זיך געזייטיקט פון די „טויטע“, נישט געהאַט מיט זיי קיין מגע־ומשא. ס'רוב האָט געדאַוונט אין רייכמאַנס שול, וואָס האָט זיך געפונען בשכנות און געקוקט אויף די חסידים מיט חוזק און לצנות.

יחיאל „פּרצוף“ איז געווען דער גבאי, ראש און שליח־ציבור פון די אומאַנער. דעם נאָמען האָט ער טאַקע באַקומען צוליב זיין אָנגעבלאָזן פּנים מיט דער ריזיקער פליישיקער נאָז. זיין צו ברייטן און ארויסגע־

שטאַרצטן שטערן האָט ער געטראָגן ווי א משא, און די גרויסע שווארצע באָרד, וואָס האָט פארכאפּט די באקן אזש ביז די אויגן, האָט אים געמאכט ענלעך אויף א מטורף...

פונוואנען ער האָט זיך דערוואָרבן דעם גרויסן דרך־ארץ ביי די „טויטע“ איז שווער צו זאָגן. יש אומרים, אז ער שטאַמט טאַקע פון בראסלאווער אליין, עפּעס אַן אור־אור־איי־ניקל. כאָטש די אומאנער אַנערקענען נישט קיין ממלא־מקומו, נאָר פונדעסטוועגן עפּעס צו זאָגן האָט עס... ניכער פון אלץ האָט ער די חסידים „גענומען“ מיט זיין געוואלדיקער התלהבות און דביקות, מיט זיין ברען און השתפכות־הנפש. זיין גרויסער בערישער גוף האָט פארמאָגט א ריזיקן כוח. ער פלעגט אָפּטאַנצן א קבלת־שבת מיט אזא פייער און חדווה, אז די הימלען האָבן מיטגעטאנצט און כביכול בכבודו ובעצמו האָט זיך משמח געווען. צוליב זיין מגושמדיקייט, האָט ער בעת די תפילות קיין באזונדערע פלינקע קונצן און שטיקלעך נישט באוויזן, נאָר אלץ וואָס ער האָט געטאָן האָט געשמעקט מיט גבורה. ער האָט גענומען דעם בורא־עולם מיט כוח: מיט זיינע האָריקע ידים פלעגט ער פעסט ארומנעמען דעם עמוד און האקן דעם לכה־דודי מיטן ניגון פון א מיליטערישן מארש מיט אזא קראפט, אז די שויבן האָבן געציטערט. צוליב זיין אימפּעט פלעגן זיך אויסלעשן די ליכט אויפן עמוד און די חסידים זענען אריינגעפאלן אין התפעלות.

דער היפוך פון אים איז געווען לייבישל דער שוס־טער, איינער פון די אָנגעזעענסטע חסידים, א שארפער

און א קנאי, קליין, דאר און פלינק ווי א שפרינג־פעדער. פון זיין גערונצלט פלאמיק פנים מיטן בלאָנדן ציגן־בערדל האָט זיך קיינמאָל נישט אָפּגעטאָן דאָס לייטזע־ליקע שמייכעלע בעתן דאַווענען, אַלע זיינע אברים האָבן פּשוט געאַרבעט מעשים. די דראָבנע פיסלעך האָבן כסדר געדרייט פאַרשידענע שלשלתן און שערן, געמאַכט קניקסן און געפאַלן כורעים, אָדער ער האָט גאָר גענומען רייסן זיין גוף מיט אויפגעהויבענע הענט ארויף, זיך רייסן וואָס העכער און דערביי פּאַטשן מיט די הענט, אָדער ער פלעגט אָנכאַפּן זיין בערדל מיט א האַנט און נעמען דרייען מיטן קאָפּ ווי א פאַרעקשנטער באָק... מען מוז מודה זיין, אז קיין איינער פון די חסי־דים האָט נישט מקיים געווען אזוי בפירוש דעם כל עצ־מותי תאמרנה ווי לייב־של, — צו אזא שלימות איז נאָך קיינער נישט דערגאַנגען.

פון די „וואָזשנע" חסידים איז אויך געווען מרד־כי „פון קענגאַיבער". אויף אים האָט מען געזאָגט — ער דאַוונט מיט עקשנות.

דעם נאָמען מרדכי „פון קענגאַיבער" האָט ער באַ־קומען צוליב זיין שפּייז־געוועלבל. מרדכי האָט געהאַט זיין געוועלבל דווקא אין דער זייט־גאַס, דעם קענגאַיבער האָבן אים צוגעגעבן זיינע קונים פון יענער זייט און אזוי איז עס שוין געבליבן — דער נאָמען איז חל געווען אויף ביידע זייטן.

טאַקע מיט דעם דאָזיקן מרדכין איז געשען א פאַל, וועגן וועלכן מען האָט א לענגערע צייט דערציילט מיט געלעכטער:

שמחת־תורה. די חסידים זענען געווען שטאַרק בגילופין — ווי דער שטייגער — זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. און שטיבל זענען צוגעגאַנגען זייער הייסע „קאַמפּן". עס האָבן געקעמפט צוויי וואַזשנע העכט פאַר „חתן־תורה" — אברהמל מנקר מיט ר' משולמען דעם לעדער־סוחר. אברהמל איז נישט אַזוי אויסן געווען דעם חתן־תורה ווי „אָנצוציען" משולמען — אַ נגיד, טאַ זאָל אים קאָסטן! משולם, אַ ייד נישט קיין שוטה, האָט זיך געכאַפּט אויפן שפּיצל. כאָטש דער חתן־תורה איז אים געווען אַ שאָד, ס'איז זיין חזקה מכמה יאָרן, פונדעסטוועגן, כדי אָנצולערנען אַ שייגאָץ, האָט ער באַשלאָסן מקריב צו זיין דאָסמאָל די מצווה, זיך כלומרשט געלאָזט „אָנציען" און איבערגעלאָזט אברהמלען מיט אַ האַלבן הונדערטער, און ווען יחיאל „פּרצוף" האָט „צוגעקלאַפּט" צום דריטן מאָל, איז אברהמל געבליבן שטיין אַ טויטער, מען האָט געמיינט, אַז אָט נעמט ער איין אַ מיתה־משונה אויפן אָרט... יחיאל איז היינט געווען אין די פעדערן — איבערגעכאַפּט אַ ביסל די מאָס — האָט ער ממש געברויזט. מיט אַ ניגון האָט ער מכבד געווען די עליות און פאַרבראַכט מיט אַ הלצהלע, וואָס שמחת־תורה קוקט מען דערויף דורך די פינגער. אברהמלען, וואָס האָט היינט אויסגעקעמפט דעם „חתן־תורה" האָט ער, בכדי צו פאַרגיטיקן, אויפגערופן מיט אַ מורינו־ורבינו וואָס עס פּאַסט פאַר אַ צדיק אַ גדול הדור... מרדכי האָט זיך געגרייט צו זיין עליה, צום כל־הנערים, וואָס איז זיין חזקה פון אַלע יאָרן. די דאָזיקע מציאה כאַפּט אים קיינער נישט אויס און עס

קאָסט אים א שיבוש און אָט האָט ער זיך דערוואַרט.
מיטן אמתן יום־טובדיקן ניגונדל האָט יחיאל פארצויגן:
יע־ע־מוד ר׳ מרדכי „פון קעגנאיבער״ עם כל הנערים!...
וואָס דעמלט האָט זיך געטאָן...

מרדכיס התנהגות ביים דאַוונען איז געווען מער סטאַטעטשנע. אמת, התלהבות האָט ער ארויסגעוויזן, נאָר ער האָט זי פארבונדן מיט כוונה: די אויגן פאר־מאכט, האָט ער פעסט אָנגעצויגן דעם טלית מיטביידע הענט און מיט די עלנבויגנס זיך געקלאַפּט שטילער־הייט מיט עקשנות אין די זייטן, זיך געקלאַפּט מיט התמדה אָן רחמנות. ס׳איז ממש געווען צו באַוואונדערן ווי נעמט א ייד אזוי פיל כוח, ווי האלט ער דאָס אויס...

יעדער חסיד האָט געהאַט זיינע תנועות, זיין נוסח. יעדער האָט געדינט דעם רבונו של עולם אויף זיין שטיי־גער, אָבער אלע מיט שמחה, מיט חדווה.

* * *

דאָס לאַנד ליגט צעטרעטן. היטלערס האָרדע שניידט שטיקער, זייעט אומקום און חורבן.

פון וואַרשעווער געטאָ ווערן טאָג־טעגלעך טויזנ־טער און טויזנטער יידן ארויסגעפירט אין די אומקום־לאַגערן. פארצווייפלטע, ווי געיאָגטע חיות, פארקריכן די געטאָ־יידן אין באהעלטענישן, נאָרעס, לעבער באַ־גראָבן זיך לעבעדיקערהייט אין קברים, ווי קראָטן גראָבן זיי זיך איין אין דער ערד אלץ טיפער און טיפער.

די איינוווינער פון אלטן פאַלאַץ האָבן זיך דער־מאָנט אין זייערע קעלערס. און די סודותדיקע, אומהיימ־

לעכּטע קאַטאַקאָמבן האָבן אויפגעוואַכט, זיך דערוואַרט זייער תּיקון. — נאָך לאַנגע יאָרן פאַרגליווערטקייט ווידער אָנגעהויבן לעבן. אונטער די דיקע געוועלבן און פאַרמויערטע אַריינגענג האָבן די מענטשן זיך געפילט זיכערער און געלעבט עד שיעבור זעם.

פאַריתומט איז געשטאַנען דער אַלטער פּאַלאַץ. ווי אומהיימלעכע לעכער האָבן געגלאָצט די ליידיקע פענצטער פון די פאַרלאָזטע שטובן. דאָס שטיבל פון די „טויטע" חסידים, אָן דעם אָרון־קודש און עמוד, האָט צוריק באַקומען דעם אַמאָליקן אַלטן און שטרענגען אויסזען פון דער קאַפּליצע.

די „טויטע" חסידים זענען אַראָפּ מיט זייער שטיבל אין די קאַטאַקאָמבן. ווי קנאים, מיט כּוח, פאַרבּעט אַ גרעסערע געוועלבטע נישע, אויסגעשטעלט אין דער מזרח־וואַנט דעם אָרון־קודש מיט זייערע דריי ספרי־תּורות, דעם עמוד און זיי אַליין האָבן זיך דאָרט באַזעצט.

אין די קאַטאַקאָמבן האָבן די אומאַנער געפירט „טיש" באַזונדער, זיי האָבן געלעבט בחבורתא.

ממעמקים קראתיך ד' — האָבן די חסידים זיך געוואָרפן מיט אימפּעט אויפן רבונו של עולם נאָך מיט מער ברען, נאָך מיט מער התלהבות ווי פריער. זיי האָבן באַשלאָסן צו דערנעענטערן דעם קץ, ברענגען די ישועה.

שבת האָבן אויפן עמוד געברענט חלבנע ליכט און באַלויכטן דעם אונטערערדישן מקום־קדוש מיט אַ הייליקער פייערלעכער שיין. איינגעהילטע אין טליתים

האָבן די חסידים אויסגעזען ווי מתים, וואָס זענען ארויס פון די קברים צו געפינען א תיקון, אָדער ווי נישט־גוטע, וואָס האָבן זיך פארזאמלט אין א היילן אָפּצוריכטן זייער עבודה. זייערע ריזיקע שאָטנס אויף די פארשימלטע ווענט האָבן זיך אויסטערליש באוועגט, געטאנצט א ווילדן שווידערלעכן טויטן־טאַנץ און אָנגעווארפן א פּחד און אַן אימה...

נישט לאנג האָט אָבער דער ברען אָנגעהאלטן. מיטן אויסגיין פון די כוחות האָבן די חסידים פארלוירן דעם קוראזש, די התלהבות. אין זייערע תפילות האָבן זיך אָנגעהויבן ארייַנפּלעכטן אַנדערע טענער: טענער פון תרעומות, פאָדערונגען און אפילו דראָונגען. די תפילות האָבן פארלוירן דעם אמתן טעם, אנשטאט שמחה האָט זיך באקומען עצבות, אנשטאָט חדווה — תחנונים.

יחיאל „פּרצוף" האָט זיך אינגאנצן פארענדערט. זיין גרויסער גוף האָט איצט אויסגעזען ווי א זאק, פון וועלכן מען האָט ארויסגעשאָטן דעם תוכן, דער גרויסער שטערן האָט נאָך מער ארויסגעשטארצט און די שיינע שווארצע באָרד איז פארוואנדלט געוואָרן אין א שמוציק־ גרויען קאָלטן. ביים עמוד איז ער קוים גע־שטאַנען אויף די פיס, פעסט זיך אָנגעהאלטן נישט אומצופאלן. פון דער קעל זיינער זענען ארויס נישט קיין ניגונים, נאָר א קרעכצן פון א פארוואונדעטן בער.

לייבישל שוסטער האָט זיך נאָך נישט געהאַט אונ־טערגעגעבן, זיך געהאַלטן נאָך געגנוג זשוואַווע, זיין גע־רונצלט פּנימל האָט איצט אויסגעזען ווי אַן אויסגע־טריקנטער אתרוג, דאָס דאַרע גופל פון א יינגל האָט

זיך איינגעבויגן אין צווייען, עס האָט זיך געדאכט. אז תמיד זוכט ער עפּעס אויף דער ערד. אָבער אונטערגע־געבן האָט ער זיך נישט. זיין גוף — דאָס איז עפּעס אַנדערש, אָבער נישט ער.

דער מלאך־המות האָט באַקומען אויף די חסידים שליטה. דער ערשטער קרבן איז געפאלן ארבהמל־־ער מנקר, מען האָט אים באַגראָבן אויפן קאַטאַ־קאָמבן־בית־עולם, הינטער דער אַלטער חורבה. נאָך אים איז געגאַנגען איטשע דאָס „חסדל", אמת, נישט פון די וואַזשנע, נאָך קיין חילוק האָט מען נישט גע־מאַכט — מען האָט אים געטאָן זיין רעכט ווי עס גע־הער צו זיין. איסר „קארצעלאק" איז געפאלן ווי א צדיק בעתן דאווענען, אין טלית און תפילין.

פארחושכטע, אָפּגעצערטע אויסגעמאטערטע, ווי לעבעדיקע מתים, האָבן ארומגעשלייכט די „טויטע" חסידים אין די קאַטאַקאָמבן. אַנטוישטע, וואָס זייערע אָנגריפן האָבן נישט קיין ממשות, זענען זיי אריינגע־פאַלן אין יאוש. זיי האָבן זיך געפילט ווי סאָלדאַטן, וואָס זענען באַזיגט געוואָרן אויפן שלאַכטפעלד.

* * *

אין דעם דאָזיקן פרייטיקצונאַכטס האָט אויפן עמוד געברענט נאָר איין ליכטל — דאָס לעצטע. אָנ־האַלטנדיק זיך אין עמוד איז קוים געשטאַנען יחיאל „פּרצוף". איינגעהילט אין טלית, דער קאָפּ אַראָפּגע־לאָזט, האָט ער זיך געגרייט צו קבלת־שבת. דעם לכו־נרננה האָט ער אָנגעהויבן שוואַך, מיט אַן איכה־ניגון,

אין זיין געבראָכן קול האָט זיך געהערט געוויין, געבעט.

די עדה האָט אונטערגעהאַלטן בלחש. אַ שטיל שעפּטשען, אַ געפּליסטער האָט זיך געטראָגן איבער די קאַטאַקאָמבן. ס'האָט זיך געדאַכט: ריזיקע שוואַרצע פליגל פאָכען, שוועבן, שטעלן זיך אָפּ אַ רגע און פאָכען ווידער.

לייבישל שוסטער האָט בגוואַלד אַרויפגעצויגן אויף זיין אויסגעטריקנט פּנימל אַ שמייכעלע, נאָר עס האָט זיך באַקומען אַ העוויה.

אָנגעלענט אינעם שולחן איז געשטאַנען מרדכי־„קיגנאיבער" און פון זיינע צעריסענע מלבושים האָבן אַרויסגעקוקט שטיקער נאַקעטע ביינערדיק לייב.

מיט געשלאָסענע אויגן, האַלב פאַרחלשטע, זענען געשטאַנען די חסידים און מקבל־געווען דעם שבת מיט געוויין און געבעט. דאָס געפּליסטער איז געוואָרן אַלץ שוואַכער, שטילער, ווי עס וואָלט זיך דערווייטערט, ביז עס איז אינגאַנצן שטיל געוואָרן...

אין דער דאָזיקער קליינער הפסקה פלעגט שטענדיק יחיאל, דער שליח־ציבור, צוקלייבן אַ ניגון פאַרן לכה־דודי. ניגונים האָט ער געהאַט אַ שלל, צוליב דער שיטה פון די בראַסלאַווער, וואָס איז זיך סומך אויף שמחה און חדווה, האָט נישט געקאָנט זיין קיין מניעה אין ניגונים. יחיאל פלעגט זיי פּשוט ציען פון דער קעשענע. אַליין אַ שטאַרקער בעל־מנגן, פלעגט ער זיי אַרויסברענגען אָן פאַלשקייטן, מיט אַלע קנייטשן. ער פלעגט אפילו צוקלייבן ניגונים לויט די שבתים, לויט

די סדרות. עס זענען ביי אים געווען ניגונים מיט נע־
מען און אָן נעמען, ער האָט פאַרמאָגט אַזעלכע שטיק־
לעך, וואָס ער אַליין האָט נישט געוווסט און אפילו
נישט חושד געווען פון וואַנען זיי שטאַמען. ווען
אַ מבין וואָלט, למשל, אַ שבת געקומען אין שטיבל
אַריין, וואָלט ער נשתומם געוואָרן. הערנדיק, ווי די
חסידים זינגען אַן אַריע פון אַן אָפּערע. אַממערסטן
האָבן די חסידים ליב געהאַט ניגונים פריילעכע, שטור־
מישע, וואָס האָבן נישט געלאָזט איינשטיין אויף אַן
אָרט, ממש אונטערגעהויבן. צוליב דעם טאַקע האָבן
זיך צווישן זייערע ניגונים אַריינגעכאַפּט אַ סך מילי־
טערישע פריילעכע מאַרשן. שטאַרק אָנגענומען איז
געווען ביי זיי דער מאַרש פון פאָניעס מפּלה ביי
„פּאָרט אַרטור“, און דער מאַרש מיט די טראָמפּייטן.
זיי האָבן אויך פאַרמאָגט אַ סך איידעלע מתיקותדיקע
חסידישע ניגונים, ווי: דער הייליקער ניגון, דאָס לידע־
לע מיט די רויטע פּאַסיקלעך און דאָס לידעלע מיט
די בלאָע פּאַסיקלעך, אָדער דער שבת צום בורא עולם.

דאָס מאָל, אין דעם דאָזיקן פרייטיקצונאַכטס,
האָט יחיאל נישט געקאָנט איינשטעלן דעם רעיון, בשום
אופן נישט געקאָנט תופס זיין קיין ניגון. שוואַרצע,
פינצטערע מחשבות האָבן אים ארומגענומען, געדריקט
זיין אָנגעווייטיקט, צעבראָכן האַרץ.

מיטאַמאָל האָט ער דערפילט אַ מאָדנעם ריח,
עפּעס אַ שוין לאַנג פאַרגעסענעם היימישן ריח, וואָס
האָט אים דערמאָנט אין געקעכץ, אין געפּרעגלטס, און
יחיאל האָט דערזען, באַשיינפּערלעך דערזען:

פרייטיקצונאַכטס, ער איז אַהיימגעקומען נאָך קבלת־שבת, אין שטוב איז ליכטיק־ציכטיק, אלין בלאַנקט, זיין אשת־חייל איז אים מקבל־פנים מיטן שבתדיקן, מנוחהדיקן שמייכעלע און דאָרט אויבנאָן, פונעם אַ ביסל אָפּגעדעקטן סערוועטל, קוקן אַרויס ברוינלעכע, געפלאָכטענע פרישע חלות. זיין פרימעטל דערלאַנגט אים דעם גרויסן קאַרפּן־קאָפּ מיט פיש־יויך, ווו עס שווימען אַרום מערעלעך מיט ציבעלעס, יחיאל ברעכט אָפּ אַ שטיק פוכקע ווייסע חלה און ווי אַ שוואָם זאפּט זי איין אין זיך די גאנצע פיש־יויך...

שטאַרקע קראַמפּן האָבן אָנגעכאַפּט יחיאלס אויסגעצערטן מאָגן, זיינע פאַרדאַרטע קישקעס.

נאָר באַלד איז דער ווייטיק אין מאָגן פאַרשוווּנדן. אַן אַנדער ווייטיק האָט אים אַרומגעכאַפּט, אַ ווייטיק און א שווידער האָט פארקילט דאָס בלוט אין די אָדערן. די שלייפן האָבן אים גענומען סכנותדיק דריקן, זיינע הענט האָבן זיך איינגעקלאַמערט אינעם עמוד און די נאָז־לעפלעך זענען פלוצלינג לעבעדיק, שפּירעוודיק געוואָרן, זיי האָבן אָנגעטאַפּט אַ פאַרדעכטיקן באַקאַנט־אומבאַקאַנטן ריח. רויך... רויך... רויך... אָבער אין דעם היימישן ריח פון רויך איז געווען עפּעס צוגעמישט. צוגעמישט. ער האָט זיך אָנגעשטויסן, וואָס דאָס באַדייט, וואָס מיינט דער דאָזיקער ריח...

און פלוצלונג איז עפּעס אויסערגעווינלעכעס געשען, ווי עס וואָלט זיך עפּעס איינגעבראָכן, געפּלאַצט, זיך איבערגעריסן. אויסטערלישע טענער, ווי אַ ברומען פון א פארוואונדעטער חיה, האָבן זיך געריסן פון יחיאלס

קעל, דאָס ברומען איז געוואָרן שטאַרקער, העכער, ווי עס וואָלט אָנגעוואַקסן און זיך הערנענטערט א שטו־רעם. זיין קול איז געוואָרן אַלץ ריינער, אויסגעלייטער־טער, קרעפטיקער, ביז וואַנען עס האָט באַקומען די אַמאָליקע גבורה...

לכה דודי לקראת כלה... — האָט ער אַרויסגעזעצט מיטן ניגון פון אַ לאַנג פאַרגעסענעם פריילעכן מיליטע־רישן מארש. די חסידים האָבן זיך אויפגעוועקט פון זייער פאַרגליווערטקייט. דאָס חלשות־געפיל איז פאַרשוואונדן, אַ פייערלעכער ציטער איז אַדורך זייערע קערפערס, אַ התלהבות האָט אַלעמען פּלוצלונג באַהערשט, אַ ני־צוץ פון גלויבן האָט זיך אָנגעצונדן און זיך צעפלאַ־קערט.

באי בשלום עטרת בעלה... — האָט יחיאל ווייַ־טער פאַמעליעך און מיט פריידיקער וואַרעמקייט גע־צויגן. באַגייסטערטע האָבן די חסידים אונטערגע־כאַפּט. לייבישל שוסטער האָט זיך מיטאַמאָל אויסגע־גלייכט, געוואָרן העכער, אַ שמייכעלע האָט זיך צע־שפּרייט און באַשיינט זיין אויסגעטרוקנט פּנימל, די הענט האָבן זיך אָנגעהויבן באַוועגן, אַרבעטן מעשים, און מרדכי „פון קעגנאיבער“, האָט מיט דיביינערדי־קע עלנבויגנס געגומען קלאַפּן זיך אין די זייטן מיט עקשנות און אָן רחמנות...

אַן עקסטאַז האָט די חסידים אַ הייב געטאָן. ווי בייזע רוחות האָבן זיי געטאַנצט און געזונגען, די אויס־געלאָשענע אויגן האָבן פיבערדיק געגלאַנצט. אָנגענו־מען ביי די הענט, האָבן זיי זיך פאַרפלאָכטן, געקלאַ־

מערט, געהויבן די דאַרע פּיס, די ביינערדיקע גלידער אין אַ ווילדן קאַראַהאַד. זייערע קולות און געזאַנגען האָבן זיך געריסן דורך די קאַטאַקאָמבן צו די מרחקים, געשפּאָלטן הימלען...

אַ שאַרפער שטיקנדיקער רויך האָט געשפּאַרט דורך אַלע שפּאַרעס און לעכער, געריסן זיך אין די לאַבירינטן, דורכגענג, געוואָרן אַלץ עסנדיקער און שטיקנדיקער, אַריין אין די לונגען, אין די געדערים, געכאַפּט פאַר די גאָרגלען, און איינגעהילט די טאַנצנדיקע חסידים אין אַ שוואַרצן שלייער...

---



די וועטערן זענען געווען קילע, רעגנדיקע. פאַר־לאָזן און אומהיימלעך — דער פּאַרק. זעלטן האָט מען געקאָנט טרעפן אַ פּאָרל, וואָס האָט געזוכט „איינזאַמ־קייט" אויף די ווייטע פאַרבאָרגענע שמאָלע פּאַרק־שטעגלעך.

די ביימער זענען געשטאַנען דערשראָקענע, נע־בעכדיקע, דורכזיכטיקע — אויפגעדעקט די תרפה און אַנטפּלעקט אויסגעדאַרטע ביינערדיקע גופים.

די האַרבסטיקע לופט האָט געשמעקט מיט סכך און פוילעכץ.

די קראַנקע אין סאַנאַטאָריע זענען ס׳רוב געזעסן אין די צימערן, געשפּילט אין ברידזש, אין שאַך, גע־פלירטעוועט און זיך געלאַנגווייליקט. דער לייען־זאַל, וואָס האָט אין די שיינע וועטערן געפּוסטעוועט, האָט איצט, אין די רעגנדיקע האַרבסטיקע אָוונטן, געשמעקט מיט געמיטלעכער היימלעכקייט. דער שווערער דיוואַן אויף דער פּאָדלאָגע, די באַקוועמע ווייכע פאָטעלן, די טיש־לאָמפּן מיט די פאַרשידנפאַרביקע אַבאַזשורן האָבן געצויגן, גערופן, געלאָקט זיך אַוועקזעצן מיט אַן אינ־טערעסאַנט בוך, טראַכטן, טרוימען און... דרעמלען.

איך האָב נישט באַמערקט, ווען זי איז אַריינגעקו־מען, ווען זי האָט זיך אַוועקגעזעצט. מעגלעך, אַז זי

איז שוין פון פריער דאָרט געזעסן. איר סילועט האָט לייכט אַרויסגעשוועבט פון דער געמיטלעכער טונקל־קייט, וואָס האָט געהערשט אין זאַל. בלויז איר שיי־נער פּראָפיל איז געווען באַלויכטן און האָט זיך בולט אויסגעשניטן אינעם שיין פונעם טיש־לאָמפּ.

דער האַלב־חלשותדיקער דרעמלדיקער צושטאַנד מיינער איז תיכף פאַרשוווּנדן.

איר קורץ־געשוירענער גרויער קאָפּ האָט זיך שאַרף אויסגעטיילט פונעם טונקעלן אָוונט־קלייד, וואָס איז געווען אַרומגענומען מיט אַ ווייסן ברייטן פּאַס אין טאַ־ליע. אַלץ אויף איר האָט געדעט וועגן עלעגאַנץ, וועגן געשמאַק. די גרויע האָר — האָב איך געטראַכט — זע־נען מסתמא פאַלשע, געפאַרבטע, לויט דער לעצטער מאָדע...

לאַנג און אויפמערקזאַם, מיט מבינות, אַ ביסעלע פרעך, האָב איך געקוקט אויף דעם שיינעם פּראָפיל פון דער פרוי, אַ פאַרטיפטע אין לייענען, ווי מען קוקט אויף אַ בילד פון אַ באַרימטן קונסט־מאָלער אויף אַן אויס־שטעלונג, הנאה געהאַט, זיך געקוויקט פונעם שאָטן־שפּיל, און באַדויערט, וואָס כ׳בין נישט קיין קינסטלער...

האַסטיק, ווי היפּנאָטיזירט פון מיין ווילן, האָט די פרוי פּלוצלונג אויסגעדרייט דעם קאָפּ און מיר האָבן זיך באַגעגנט מיט די בליקן.

ווי לאַנג האָט דאָס געדויערט? אַ מינוט? אַן אייביקייט?...

מיין איבעראַשונג איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז כ׳האָב נישט באַמערקט דעם אויסדרוק פון איר פּנים,

כ׳האָב נאָר באַוויזן צו דערזען די אויגן. זי האָב באַלד אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און זיך ווידער פאַרטיפט אין בוך. און איך?... איך האָב דערפילט אַ שווידער איבערן גאַנצן קערפער, דאָס בוך איז מיר אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט, איך האָב זיך אָנגעכאַפּט ביים האַרצן און שיעור נישט אויסגעשריגן פון ווייטיק...

איך האָב זי דערקענט.

אַזעלכע אויגן איז נישט שווער צו דערקענען. אַ־זעלכע אויגן זענען פאַראַן נאָר איין פּאָר אויף דער וועלט. דער בליק אירער איז געווען אַ מידער, באַראַמט מיט געדיכטע קנייטשעלעך, נאָר די קלאָרקייט, די באַלזאַמע ווייכקייט און דער אומעט איז געווען דער זעלבער וואָס מיט לאַנגע יאָרן צוריק.

ס׳איז געוואָרן שפּעט, דער לייען־זאַל האָט זיך בים־לעכווייז אויסגעליידיקט, און איך בין נאָך אַלץ געזעסן אַ צעטומלטער, נישט געקאָנט קומען צו זיך.

די פרוי מיט די גרויע האָר האָט זיך ענדלעך אויפ־געהויבן. איך האָב מיט האַרץ־קלאַפּעניש נאָכגעפאָלגט איר מינדעסטע באַוועגונג, איר יעדע תנועה. כ׳האָב דערקענט איר וואַקלענדיקן חנעוודיקן גאַנג, וואָס איז מיר געווען אַזוי נאָענט און באַקאַנט...

אין דעם מאָמענט האָט מיך אַרומגענומען אַ שטאַרקער ווייטיק, אַ בענקשאַפט. אַלע מיינע חושים האָבן זיך געריסן צו איר, אויסוויינען, אויסשרייען דעם ווייטיק, די פּיין, וואָס האָט מיך געמאַטערט און גע־פּלאָגט יאָרן. דאָס בין איך! איך! נישט שוין־זשע דער־

קענסטו מיך נישט?! זידל מיך! איך בין שולדיק! איך... נאָר מיין פּחדנות האָט איבערגעוווּיגן.

לאַנג בין איך נאָך אַזוי געזעסן. אַ מידער, אַ צע־ווייטיקטער, אַ צעבראָכענער האָב איך זיך ענדלעך אויפגעהויבן, אַרויסגעגלאָפּן פון זאַל, זיך פאַרשלאָסן אין מיין צימער און אַ גאַנצע נאַכט געוויינט...

עס האָט נישט געהאָלפן מיין אויסמיידן זי, מיין אַנטלויפן. אירע אויגן זענען מיר אומעטום נאָכגעגאַנ־גען, פאַרפאָלגט, נישט געלאָזט שלאָפן ביינאַכט און רו־ען ביי טאָג. איך האָב זיך געפילט אומגליקלעך...

דער אומעטיקער, פאַרלאָזענער, וועלקנדיקער פּאַרק איז געוואָרן מיין רעטונג, מיין עיר המקלט. אויף די וויסטע, פאַרבאַרגנסטע וועגן און שטעגן האָב איך גאַנצע טעג אַרומגעוואָגלט, געוואַנדערט ווי אַ פאַר־פאָלגטער פאַרברעכער און פלעג אויפציטערן ביים מינדסטן שאָרך.

מיינע נערוון וועלן דאָס נישט אויסהאַלטן, ניין! פאַרפּאַקן זיך און אַהיימפאָרן...

אַנטלויפן? ווידער אַנטלויפן?

מיר האָט ווי געטאָן, מיך האָט פאַרדראָסן, פאַר־וואָס זי האָט מיך נישט דערקענט; האָב איך זיך דען אַזוי שטאַרק געענדערט?

איך האָב פעסט באַשלאָסן אַ סוף מאַכן צו דער פייגלעכער לאַגע. זי וועט מיר מוחל זיין, זי מוז מיר מוחל זיין!

איינמאָל, ס'איז געווען באַלד נאָך פרישטיק, בין איך אַוועק ווי שטענדיק אין פּאַרק אויף מיינע וואַגלענישן־

אָפּקומעניש׳ן. די וואָלקנס, וואָס זענען לאַנגע טעג גע־האַנגען ווי גראָבע שמוציקע שמאַטעס האָבן זיך אָנגע־הויבן צו רייסן און א זון, א ליכטיקע, א ריינע האָט זיך בגוואַלד גענומען דורכשלאָגן, גובר געווען און מיט נצחון־פרייד באַפרייט דעם הימל. דער פּאַרק איז באַלד פריילעכער געוואָרן, אויפגעוואַכט, אַלץ האָט אָנגע־הויבן לעבן, פייגעלעך האָבן אָנגעהויבן זינגען, וועווער־קעס אין ברוינע פעלעכלעך, פלינקע ווי מזיקים האָבן זיך גענומען שפּילן אויף די ביימער, שפּרינגען אויף דער ערד, היימיש נאָכלויפן, שטעלן זיך אויף די הינ־טערשטע לאַפּקעלעך און בעטן נים. אויף דער נשמה איז געוואָרן לייכט, ליכטיקער, ווי זי וואָלט זיך באַ־פרייט פון א שווערער משא. א זעלטענער שפּעט־האַרבסטיקער טאָג האָט זיך אויסגעשיילט. א טאָג א גוטער, ווי עס טרעפט ביי א שטערבלעך־קראַנקן, פאַרן טויט... אַלץ האָט גענומען זיך אויסווייזן אַזוי פשוט, גרינג, פּראָסט, און איך האָב זיך אָנגעהויבן וואונדערן אויף מיין טפשות,פחדנות, קליינמוטיקייט: וואָס איז דאָ אייגנטלעך געשען? שיינט דאָך די זון ווידער, ס׳האָט מיך אָנגעכאַפּט א געלעכטער, א שטאַרק געלעכטער. כ׳האָב געלאַכט אויפן קול, אַלץ שטאַרקער און העכער. מיין געלעכטער האָט אָפּגעהילכט ווייט אַרום, מענטשן אין פּאַרק האָבן מיך מיט שרעק אָנגעקוקט, באַדויערט, די פייגעלעך זענען אַנטשוויגן געוואָרן, די וועווערקעס זענען אין שרעק אַנטלאָפן. איך האָב געלאַכט, געלאַכט און געלאַכט... פּלוצלונג האָב איך דערפילט א קנויל ביים האַלדז, די אויגן זענען מיר אָנגעלאָפן און טרערן

האָבן אָנגעהויבן פליסן בשפעדיק, אָן אָפּהאלט. מיין גאַנצער גוף האָט זיך געטרייסלט, געוואָרפן... נאָר מיט־אמאָל איז דאָס געוויין אין מיר אָפּגעהאקט געוואָרן. איך בין געבליבן שטיין ווי איינגעגראָבן אין דער ערד, די טרערן פארגליווערט, דאָס הארץ אָפּגעשטאָרבן... ווי א געשפּענסט האָט זי זיך דערנעענטערט, גלייך צו מיר, צו מיר. איינגעהילט אין א הארבסט־מאַנטל, האָט זי זיך לאנגזאם באוועגט מיט איר וואקלענדיקן גאַנג. וואָס נעענטער אלץ בולטער האָב איך דערקענט אירע איי־דעלע, שוין פארגעסענע שטריכן. די פּרעכטיקע אויגן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי נאָר־וואָס אויסגעוואשענע, האָט זי פון מיר נישט אראָפּגעלאָזט. עס האָט מיך באַ־דעקט א קאַלטער שוויס. איך האָב נישט געוווסט וואָס צו טאָן. איידער איך בין געקומען צו זיך, האָט זי מיך לייכט אויסגעמיטן און אוועק...

איך האָב זיך מעכאניש אויסגעדרייט, איר נאָכגעקוקט. רואיק האָט דער ווינט געשארט די געלע בלע־טער אויף דער הויפּט־אלייע צום ארויסגאַנג. ווי ער וואָלט זי באגלייט מיט דעם הארבסטיקן גאָב. דער שיי־נער טונקל־גרויער מאַנטל האָט געצייכנט איר נאָך שלאנקע פיגור און דער וואקלענדיקער גאַנג האָט מיך דערמאָנט אין דער פארלאָפענער יוגנט.

* * *

דאָס שטעטעלע, וווהין איך בין געשיקט געוואָרן אין פארטיי־שליחות, איז געלעגן אין גרינס, ארומגע־רינגלט מיט גערטנער, תבואה־פעלדער און וועלדער.

אין די אָוונטן נאָך דער ארבעט פלעגט די יוגנט ארויס פון שטאָט אויף צונויפטרעפן, רעפעראטן, אויף ספּאָרט־פארמעסטונגען, קעסטל־אָוונטן, און פירן הייסע ליידנשאפטלעכע דיסקוסיעס.

דאָרט האָב איך זי באגעגנט, צביהלען.

מיר זענען געפעלן אירע דרייסטע רייד, איר לאָגישער, קלאָרער געדאנק, איר זשעסטיקולאציע, איר באַוועגלעך שיין פנים, איר פיגור, אירע פיס... איר מאָדנער וואקלענדיקער גאנג האָט מיר אויסגעזען באזונדערס שיין, פרוילעך, און מלא חן. אלץ איז מיר אין איר געפעלן.

געפאנגען אָבער האָט זי מיך מיט אירע אויגן. נישט קיין אויגן, נאָר צוויי פליסנדיקע, לויטערע, זויבערע קוואלן. העלע, ווייכע, קלאָרע, האָבן זיי זיך געמיניעט, געביטן. אָט קוקן זיי ליבלעך, איבערגעגעבן, אָט מיט שרעק, מיט אומעט, הילפלאָז.

— צביהלען! האָסט לאַנג געוואשן היינט דיינע אויגן?

צביהלע שמייכלט אזוי כישופדיק — מ׳קאָן משוגע ווערן.

— צביהלע! וואָס זענען דיינע אויגן היינט אזוי פול מיט אומעט?

צביהלעס פּרעכטיקע אויגן ווערן פינצטער, אָנגעפילט מיט שרעק.

אהיימגיין ביינאכט פלעגן מיר צוזאמען. צביהלע האָט ליב געהאט צו גיין לאַנגזאַם. מיר פלעגן שטענדיק בלייבן די לעצטע, איך פלעג איר לייכט אונטערהאלטן.

דעם גאנצן וועג פלעגן מיר פלוידערן, לאַכן און זינגען. דאָס איז געווען אונדזער אָפּרו נאָך די ערנסטע גע־שפּרעכן. ווי פּאַמעלעך מיר זענען נישט געגאַנגען, האָט דער וועג מיר אויסגעזען שרעקלעך קורץ. ווען מיר פלעגן צוקומען צו דער אַלייע פון די קאַשטאַן־ביימער נאָענט צו דער שטאָט, איז מיך באַפאַלן אַן אומעט, שווער געווען זיך צו שיידן מיט איר.

אין שטאָט אריינגיין צוזאמען האָבן מיר נישט געטאָרט.

— ביז מאָרגן, צביהלע!

— ביז מאָרגן!

איך פלעג איר לאַנג נאָכקוקן ביז ווייטיק אין די אויגן, ביז זי איז פארשוואונדן אין דער פינצטערניש.

איך האָב געטראַכט: א לויב דעם באַשעפער, וואָס באַשאַפט נשמות מיט אַזאַ שלימות, מיט אַזאַ פּראַכט, מיט אַזאַ האַרמאָניע, אָן איין פּגם, וואָס איז א פרייד פאַר די אויגן און א פארגעניגן פאַר דער נשמה.

איין זאַך האָט מיר א ביסל געערגעט, וואָס דער לינקער זאָק איז ביי איר נישט אָנגעצויגן ווי געהעריק. איך האָב איר געוואָלט זאָגן: צביהלע, זומער קאָן מען גיין אָן זאָקן, ס׳מאַכט נישט אויס, נישטאָ וואָס זיך צו שעמען, מיר געפעלן שטאַרק אָפּגעברענטע פרויען־פיס. צוליב שעמעוודיקייט האָב איך איר דאָס נישט געזאָגט.

איך האָב געשפּילט, אז אין מיר צעפלאַמט זיך א פייער. א גאַנצן טאָג אין פעלד, אין וואַלד טראַכט איך נאָר וועגן איר. איך קאָן זיך קוים דערוואַרטן דעם

אָוונט און שפּעטער די נאַכט, ווען מיר וועלן אַהיימגיין צוזאַמען.

די קושן זענען געווען פלאַמענדיקע ברענענ־דיקע. אירע ליפּן פּוכקע, ליידנשאַפטלעכע. אָבער ווען איך פלעג זי וועלן צוציען צו זיך, אַרומנעמען, האָבן זיך אירע שיינע ליבלעכע אויגן באַלד אָנגעפילט מיט שרעק. זי האָט מיך אָפּגעשטופּט צניעותדיק. זי איז געווען, צביהלע, זייער צניעותדיק. צופיל האָט זי נישט דערלויבט... נאָר מיט א מאָס... דערפאַר האָב איך זי נאָך שטאַרקער ליב באַקומען.

די נעכט בין איך געשלאָפן אומרואיק, איך האָב געקנאַרט צביהלען, זי באַגערט, געבענקט נאָך איר, זיך געפּייניקט.

עס האָט זיך דערנענטערט די צייט פון מיין אָפּ־פאָר. „די טריט האָבן מיר שוין געברענט". דער בלוי־זער געדאַנק, אַז מיר שיידן זיך האָט מיך שיעור נישט משוגע געמאַכט. מיט צביהלען זיך שיידן? — ס'איז אוממעגלעך. איך בין געווען פאַרליבט מיטן גאַנצן ברען פון מיין יונגער, נישט אויסגעפּרווטער נשמה, מיטן גאַנצן לייב און לעבן. איך האָב באַשלאָסן דעם אָוונט זיך מיט איר דורכצושמועסן, אָפנהאַרציק רעדן וועגן תכלית.

יענע נאַכט האָט די לבנה דווקא נישט געשיינט, שטערן האָבן נישט געפינקלט, א שרעקלעך שוואַרצע, פינצטערע נאַכט איז געווען. אונטערהאַלטנדיק צביה־לען זענען מיר געגאַנגען אין דער ריכטונג צו די קאַש־טאַן־ביימער. מיר האָבן ביידע געשוויגן, געפילט דעם

פייערלעכן מאָמענט. איך האָב זיך מיט א ציטער אין הארצן געגרייט צו מיין ערנסטער דערקלערונג. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט הינטער א ריזיקן קאשטאַנ־בוים. צביהלעס פּנים און אויגן האָבן בלייך אָפּגעשיינט אין דער שווארצער נאכט. איך האָב איר לייכט אויפגע־הויבן דעם קאָפּ, געוואָלט ארייננקוקן אין די אויגן, גע־וואָלט אָנהייבן רעדן. נאָר אנשטאָט רייד, ליידנשאפט־לעך צוגעפאלן צו אירע ליפּן, געקושט אירע אויגן, די האָר, ס׳פּנים; איך האָב זי גיריק געכאפּט אין די אָרעמס. צביהלע האָט זיך פארצווייפלט געווערט. דאָס האָט מיך נאָך שטארקער צערייצט און אויפגערעגט ביז דער העכסטער מדרגה. אויסער זיך, האָב איך זי געכאַפּט אויף די הענט און אויפגעהויבן ווי א קינד. פּלוצלונג... האָט זיך דערהערט עפּעס א פארדעכטיקטער קלאַפּ, ווי ס׳וואָלט עפּעס געפּלאצט. און...

מיין רעכטע האנט, וואָס האָט אונטערגעהאלטן צביהלעס לינקן פוס, העכער דער קני, איז געוואָרן פארשטאַרט. אַנשטאָט איינגראָבן זיך אין צארטן פרוי־ען־לייב, האָבן מיינע פינגער קראמפּהאפט אָנגעדריקט א טויטן קענגשטאנד — האָלץ?!!!

— אָט האָסטו אָנגעמאכט... משוגענער... — האָט צביהלע קוים ארויסגעקרעכצט. — ס׳האָט געפּלאצט דער רימען פונעם פּראָטעז — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אהיים האָב איך זי געטראָגן, ווייל גיין האָט זי נישט געקאָנט. געגאנגען בין איך ווי שיכור, זיך גע־וואקלט, נישט צוליב דער משא, ניין. צוליב מיין אומ־

גליק... די הענט האָט זי ארומגעפלאָכטן ארום מיין קאָפּ און דאָס פּנים איינגעגראָבן אין מיין האלדז, וואָס איז געוואָרן נאס פון טרערן.

מיינע טרערן האָט קיינער נישט געזען. די לבנה האָט די נאַכט נישט געשיינט, שטערן האָבן נישט גע־פינקלט, א שרעקלעך שווארצע, פינצטערע נאַכט איז געווען...

— אונטערשרייבן קענסטו זיך?...

אויף אזא פראגע האב איך זיך נישט געריכט. ס׳האט מיך געגעבן א ברי. איך האב געמיינט, כ׳קריג די נכפּה אויפן אָרט.

מיט מיין אונטערשריפט האט מען פּשוט מ׳ך מקנא געווען — א „מיניסטאָרישער“, מיטן אמתן דריי און ציק.

פון גרויס באליידיקונג בין איך פון אָנהייב געוואָרן צעחושט און פארלוירן ס׳לשון. האט זי מיך איבערגע־פרעגט נאָכאמאָל. בין איך געוואָרן געוואלדיק אין כעס און אויסגעשריגן אויף צו להכעיס מיט רציחה:

— ניין! כ׳קען נישט!

זי האט זיך א ביסל דערשראָקן און אויסגעשטעלט אויף מיר א פּאָר גרויסע קעלבערנע, צעשראָקענע בלויע אויגן. האב איך ווידער א געשריי געטאָן:

— כ׳קען נישט!

האט זי דורכן פענצטערל ארויסגעשטעקט א פינ־גערל מיט א רויט שפּיציק נעגעלע, און, אָנווייזנדיק אויף א פּאפּיר, געזאָגט שוין ווייך און איידל, מיט אזא זינגעוודיק־קאָקעטיש קולכל — סכנת־נפשות:

— זייט אזוי גוט און מאכט אָט דאָ דריי קרייצ־לעך.

איך האָב געכאַפּט די פּעדער און אָנגעדראַפּעט אויפן פּאַפּיר דריי קרייצלעך.

באַקומען דאָס געלט, האָב איך עס אפילו נישט איבערגעציילט, בין שנעל אַרויס פון דער קאַסע און ווי אַן אָפּגעשמיסענער געלאָפן אַהיים.

ס׳האָט מיך נישט געפרייט די צום ערשטן מאָל באַקומענע שכירות. כ׳האָב זיך בשום אופן נישט גע־קאָנט באַרואיקן און געטראַכט וועגן נקמה... אַזאַ באַ־ליידיקונג וועל איך נישט שענקען!

אין צוזאַמענוווינונג בין איך באַלד צו צום שפּיגל און האָב זיך פּשוט נישט דערקענט. פאַר מיר איז גע־שטאַנען עפּעס אַ פּרא־אדם. דער דאַשעק פון היטל פאַרדרייט אויף הינטן, די צורה — באַדעקט מיט אַ גע־מיש פון שווייס און ציגל־שטויב — האָט געהאַט אַ רויט־געלע קאָליר און אויסגעזען ווי באַדעקט מיט עפּעס אַ קרענק, די נאָז ווי אַ שופר... אַזוי זיך באַקוקנדיק, איז מיר דער כעס אַ ביסל אָפּגעגאַנגען. נאָר דער דורשט נאָך נקמה איז געבליבן. המם... זי וועט מיך האָבן צו געדענקען... אוי, וועט זי מיך האָבן צו געדענקען...

* * *

...געקומען אין אָט דער שטאָט אַ פרעמדער, האָב איך ביי מיין פאַך זיך נישט געקאָנט איינאָרדענען. אָן באַקאַנטשאַפט, ברודער, ביסטו אַ פאַרפאַלענער, כאָטש הענג זיך. בלית־ברירה האָב איך זיך אָנגעדונגען אַלס ציגל־טרעגער אויף דער בויונג. געטראָגן ציגל האָט

מען דערמלט אויף „קאָזלעס“; קראַנען און הייב־מאַשי־
נען זענען נאָך נישט אָנגעגאַנגען.

שאַראַפּודינאָוו, דער בריגאַדיר, אַ געזעצט ברייט־
ביינערדיק מאַטערל מיט ברייטע סקולעס און שיפּע
ביטערע אייגעלעך, האָט מיך אויפגענומען — ווי מיר
האָט זיך אויסגעוויזן — נישט גאָר פריינדלעך, לויט
זיין פּרצוף, האָב איך נישט געוווּסט, צי ער איז צו־
פרידן, צי ברוגז. און מאַרוסיע, די ציגל־אויפלייגערין,
מיט אַ נעזל ווי אַ הענגער, האָט כסדר געלאַכט, אויפ־
דערקנדיק שפּיציקע ציין מיט רויטע יאַסלעס. פונעם
קבלת־פּנים איז מיר אויף דער נשמה געוואָרן נישט
היימלעך.

די ציגל האָט מען געטראָגן אויף שטאָקן איבער
זיך וואַקלענדיקע טראַפּן, און זעענדיק, ווי יאַטן נישט
פון די גרויסע גבורים טראָגן צו צוואַנציק און צו דריי־
סיק ציגל, האָב איך געטראַכט: „וואָס בין איך ערגער פון
זיי? — אַ מכה!“ און דאָ בין איך באַלד מיט מאַרוסיען
אַריין אין אַ שטאַרקן קאָנפליקט. זי לייגט מיר אויף
צען ציגל און הייסט מיר גיין.

— לייג נאָך. ס'אַ חרפּה.

— אויפן ערשטן מאָל וועט זיין גענוג.

— לייג כאָטש ביז פופצן.

שפּאַרט זי זיך איין: דער בריגאַדיר האָט מער
נישט געהייסן, מחמת ביסט אַ נייער. דערביי לאַכט זי
און דעקט אויף די ציין מיט די יאַסלעס. קאָן איך שוין
מער נישט אויסהאַלטן, שטופּ זי אָפּ און לייג צו פינף
ציגל.

דערויף לויפט אַן דער בריגאַדיר. קאָן איך נישט פאַרשטיין — לויט זיין פּנים — צי ער שמייכלט, צי ער איז אין כּעס, און ער זאָגט איר: „לאָז אים לויפן, ער וועט חרטה האָבן".

די זון האָט געברענט אָן רחמנות, און צו מיטאָג־צייט האָב איך שוין נישט געפילט קיין גאַנצן אבר. ווי אַ שיכּור בין איך געגאַנגען איבער די טראָפּן. און שאַ־ראפּודינאָוו קוקט מיר נאָך. ווייס איך נישט, מיט נצחון, צי מיט באַדויערונג...

קוים דערוואַרט זיך אויפן פייף צו מיטאָג, בין איך אַוועק אין שאָטן און געבליבן זיצן אַ טויטער. עסן האָט זיך נישט געוואָלט. דער ציגל־שטויב האָט באַדעקט דאָס שווייסיקע פּנים,די ברעמען, און פאַרקראָכן אין האַלדז, אונטער די מלבושים. ס'האָט מיך דורכגענומען אַ שוואַכקייט ביז חלשות, גע'איבלט צום ברעכן. כ'האָב זיך געפילט שטאַרק אומגליקלעך: אַ שלימזל, כ'טויג, ווייזט אויס, צו גאָרנישט.

צוריק פון דער אַרבעט, האָב איך קוים געשלעפּט די פיס, זיך געפילט ווי איינער, וואָס מע האָט אים אָנגעבראָכן די ביינער און לסוף אַרויסגעוואָרפן.

אַזוי האָב איך זיך געמאַטערט אַ וואָכן צוויי. מאַ־רוסיע האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ גוטן חבר. יעדן טאָג האָט זי מיר צוגעלייגט צו איין ציגל. דאָס ברעכן אין די ביינער האָט אויפגעהערט. איך האָב זיך אָנגע־הויבן פילן בעסער, זיכערער, און אַזוי בהדרגה בין איך דערגאַנגען צו פינף און צוואַנציק.

דער עולם האָט אָנגעהויבן קריגן פאר מיר דרך־ארץ און מיך רופן מיטן טאַטנס נאָמען, אפילו דער בריגאַדיר, וואָס פלעגט אָפט דערמאָנען „מיין מאַמען"... מיט מאַרוסיען האָב איך געמאַכט אַן אָפּמאַך, זי זאָל מיר אָן אויפהער ווייטער צולייגן יעדן טאָג איין ציגל. וואַסילי, דווקא אַ שטשופּלער בחור — נישטאָ אויף וועמען צו קוקן — טראָגט טאַקע גאַנצע פינף און דרייסיק. און איך מוז אים איבעריאָגן, נישקשה.

סוף חודש בין איך טאַקע מיט פרייד געלאָפן אין דער קאַסע אָפּנעמען מיינע ערשטע שכירות. אויף דער גאַס האָט שוין געוואַרט מיין בריגאַדע מיט שאַראַפּו־דינאָוון בראש, בכדי צוזאַמען „טובל" זיין מיין ערשטן געהאַלט, ווי דער מנהג הייסט. און דאָ טאַקע האָב איך באַקומען דעם טויט־קלאַפּ: „אונטערשרייבן קענסטו זיך...?"

* * *

איך בין געוואָרן אַ חשובער מענטש. מיין נאָמען — באַוווּסט אויף דער גאַנצער בויונג. מע שרייבט מיך אויפן רויטן טאָוול און כ'זיץ אין די פּרעזידיומס. איין קליינקייט: פערציק ציגל! מאַרוסיאַ האָט אייספּעהערט לאַכן און זאָגט, אַז איך האָב באַקומען „קאָפּ־שווינדל פון דערפאָלג". ס'הייבט זיך נישט אָן. דאָס זאָגט זי אַזוי, ווייל פאָריקן זונטיק האָב איך זיך אָפּגעזאָגט צו גיין מיט איר אין קינאָ „סטראָיטעל". איין מאָל בין איך מיט איר געווען — זי האָט מיר געפונדע־

וועט — האָט זי אין דער פינצטער זיך צו מיר שטאַרק צוגעדריקט...

די צווייטע טאָג אין חודש, ווען מען צאָלט אויס שכי־רות זענען מיר געוואָרן די באַליבטסטע טעג. קודם־כל די שכירות גופא, און דאַן — דאָס אונטערשרייבן זיך מיט די דריי קרייצלעך, דאָס איז מיר שטאַרק געפעלן. איך האָב זיך דערביי געפילט געהיימנישפול און ס'האָט מיר פאַרשאַפט נקמה־פרייד דאָס וואָס וויערא, די קאַ־סירערין, ווייסט נישט דעם אמת. און חוץ דעם... האָט מיך שטאַרק געצויגן זי צו זען, מיין שונא מיטן הער־לעכן קעפל און בלויע אויגן. איך פלעג אַ סך טראַכטן וועגן איר און זי צו להכעיס פלעגט ביי מיין באַווייזן זיך באַלד אַראָפּלאָזן די אויגן, מיר דערלאַנגען דאָס פּאַ־פּירל „אונטערשרייבן" און נישט האַלטן פאַר נייטיק מיר צו שענקען אַ בליק, כאָטש איין בליק. נישט זי מיך — קומט אויס — נאָר איך זי האָב באַליידיקט. פון גרויס עגמת־נפש פלעג איך מיט שאַראַפּודינאָוון, וועל־כער איז געוואָרן מיין בעסטער חבר, אַריין אין רעסטאָ־ראַן אויסטרינקען 150 און גאָרנישט פאַרבייסן.

ערב אַן אָפּרו־טאָג אַרבעט זיך באַזונדערס פריי־לעך. דו ווייסט, אַז באַלד וועסטו אַראָפּוואַרפן פון זיך די ציגל־מלבושים, זיך גוט אויספּאַרען אין דער שטאָ־טישער באָד, זיך ריין איבערטאָן. די הויט בייסט אַזש פון פאַרגעניגן.... און מאָרגן וועסטו זיך אויסרוען, פאַר־ברענגען, אַריינכאַפּן זיך אין פּאַרק. אפשר וועסטו זי טרעפן... אָדער אַרומשפּאַצירן זיך אַזוי סתם, צופעליק,

איבער איר גאס א צען צוואנציק מאָל אהין און צוריק מיט דער האָפענונג זי צו זען...

איינמאָל אין אַזאַ ערב יום־טוב־טאָג, ווען מיר איז נאָך געבליבן צו מאַכן דעם לעצטן „ריים“, לויפט אָן שאראפודינאָוו מיט אַ מאָדנע שמייכעלע, חניפהדיק — איך האָב זיך שוין צוגעוווינט צו זיין פּנים און הער־קען אַלע זיינע מינעס — און דערקלערט מיר, אַז אויף מיר האָט זיך געפרעגט מיכאַיל פּיאָדאָראָוויטש און באַ־פוילן, אַז באַלד נאָך דער אַרבעט זאָל איך אַריינגיין צו אים אין קאַבינעט.

מיכאַיל פּיאָדאָראָוויטשן, דעם פּאַרטאָרג, האָב איך געקענט. ווען כ'האָב אים ס'ערשטע מאָל דערזען, האָט ער אין מיר דערוועקט דרך־ארץ און סימפּאַטיע. אָנגע־טאָן איז ער געגאַנגען מיליטעריש מיט אַ פּאַסיק און שטיוול און האָט געטראָגן א ברייטע געדיכטע גרויע טשופּרינע. זיין פּנים מיט אַ ביסעלע בולטע סקולן און בלויע אויגן האָט מיך אין עמעצן דערמאָנט. איך בין געווען זיכער, אַז כ'האָב אים ערגעץ געזען. נאָר ווו, ווען — האָב איך זיך בשום אופן נישט געקאָנט דער־מאָנען. לאַבן אויפן קול האָט אים נאָך קיינער נישט געהערט. דערפאַר געשמייכלט האָט ער שטענדיק, און דערביי האָבן זיך אַרום זיינע אויגן געלייגט אַ סך דראָב־נע קנייטשעלעך. שטענדיק פלעגט ער אויסוואקסן אומ־דערוואַרט, ווי פון אונטער דער ערד, זיך אַוועקשטעלן פון הינטן און שמייכלען מיט די דראָבנע קנייטשע־לעך... דעמלט ווערט מיר אַזוי גוט, לייכט, כ'פיל אַ גע־וואַלדיקן כוח און זאָג מאַרוסיען שטילערהייט: לייג נאָך

עטלעכע ציגל, וואָס אַרט דיך? נאָר מאַרוסיע איז לעצטנס געוואָרן אַ פּאַסקודנע — מער פון פערציק ליגט זי נישט. זי האָט מורא, איך זאָל זיך, חלילה, נישט אַרונטעררייסן...

מיט אַ לייכט האַרץ בין איך צו אים געגאַנגען. אַריינקומענדיק אין רחבותדיקן קאַבינעט מיט די פיל פּאָרטרעטן פון די פירער אויף די ווענט, מיט די לאַנגע טישן, באַדעקטע מיט גרינע טישטעכער, און מיט די ווייכע טעפּיכער אויף דער פּאָדלאָגע, האָט מיך אַרומגענומען אַ יראת־הכבוד. אַ פאַרלוירענער בין איך געבליבן שטיין ביי דער טיר און האָב מורא געהאַט צו מאַכן אַ טריט מיט מיינע טרעטערס. ווייט, ביי אַ שרייבטיש אין דער קווער, איז געזעסן מיכאיל פּיאָדראָוויטש און געשריבן. זיין שטענדיק שמייכלענדיק פּנים איז געווען ערנסט. ווען ער האָט אויפגעהויבן אויף מיר די אויגן, האָט זיך זיין פּנים צעשמייכלט, ווי שטראַלן האָבן זיך אַוועקגעלייגט זיינע קנייטשעלעך, און...?

ער איז מיר אַנטקעגן געגאַנגען מיט אַ ברייטן ברוך־הבא און פאַרבעטן מיך זיצן אויף דעם ווייכן פּאָטעל. איך בין געבליבן שטיין אין אַ פאַרלעגנהייט. מיינע אַרבעטס־מלבושים זענען געווען נישט גאָר ריין.

— זעצט אייך, זעצט אייך, נישקשה, פּילט זיך, ווי ביי זיך אינדערהיים.

אַרומשפּאַצירנדיק איבער די ווייכע טעפּיכער, די גראָבע פינגער פאַרשטעקט אין פּאַסיק, האָט ער אַ ווייַלע נאָכטראַכטנדיק זיך אָפּגעשטעלט פאַר מיר.

— ס'איז אייך, חבר, אוודאי אינטערעסאַנט צו וויסן צוליב וואָס איך האָב אייך גערופן, אמת? — נישט צו לויבן, נייך, נישט צו לויבן. וועגן אייך זענען צו מיר דערגאַנגען שלעכטע קלאַנגען... גאָר נישט קיין גוטע...

דאָס הארץ איז ביי מיר אָפּגעשטאָרבן.... מסתמא אַ בלבול. דאָס מוז אוודאי זיין איר אַרבעט, דער פּאַס־קודנער מאַרוסיעס אַן אַרבעט.

— יאָ, יאָ, זייער נישט גוט. אַ יונגערמאַן אין איי־ערע יאָרן, אַ גוטער אַרבעטער, וועלכן מיר שטעלן פאַר אַ ביישפּיל, שרייבן וועגן אים, באַווייזן אים, כדי אַנדערע זאָלן זיך פון אים לערנען — ווייזט זיך אַרויס: — אַן אַנאַלפאַבעט! שרייבט זיך אונטער מיט קרייצלעך... פע! דאָס מוז מען ליקווידירן. פאַראַן ביי אונדז אַזעלכע קורסן, אָדער מיר קאָנען אייך געבן אַ פּריוואַטן לערער. מיט אייער עקשנות... אַ ביסל קען איך אייך שוין...

און דאָ האָט זיך זיין פּנים באַשיינט מיט זיין אָנ־גענעמען פּאָטערלעכן שמייכעלע מיט די קנייטשעלעך.

איך בין געזעסן צעטומלט. ווער האָט אים דער־ציילט? וואָס טוט מען? אויסגעבן דעם סוד, וועלכן איך טראָג מיט אַזאַ פּריידיקער דערוואַרטונג אויף נקמה... אַ וואָסער נקמה?...

— מיכאַיל פּיאָדאָראָוויטש — האָב איך שטילער־הייט אָנגעהויבן, קומענדיק צו זיך — מיין אַנאַלפאַבע־טיזם האָב איך ליקווידירט נאָך אַלט זייענדיק זיבן יאָר, און אין קיין לערער נייטיק איך זיך נישט.

און נעמענדיק די פעדער, האָב איך אויף א שטיקל פּאַפּיר אַוועקגעלייגט מיין אונטערשריפט. אַרויף און אַראָפּ פאַרדרייט מיטן עקעלע און מיטן פינטעלע צום סוף.

די קנייטשעלעך אויף זיין פּנים זענען נעלם גע־וואָרן. ער האָט אויסגעשטעלט אויף מיר זיינע בלויע אויגן און געקוקט אויפן אונטערשריפט און אויף מיר, ווי אין צירק קוקט מען אויפן קונצנמאַכער בעת זיינע כישוף־שטיק. איך האָב אים דערציילט אַלץ פון אָנהייב ביזן סוף... אַלץ האָב איך אים דערציילט, אחוץ מיינע איבערלעבונגען...

מיכאַיל פּיאָדאָראָוויטש האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי זיין שרייבטיש. זיין פּנים איז געוואָרן ערנסט, אפילו רוגזהדיק. נאָך א לאַנגן שטילשווייגן האָט ער מיר גע־זאָגט בלויז עטלעכע ווערטער:

— אַז איר זענט אַן עקשן, ווייס איך שוין פון לאַנג; אין דער ארבעט איז עס נייטיק, אפילו שטארק נייטיק... אָבער אין ד ע ם פאַל איז אייער עקשנות געווען איבעריק, אינגאַנצן איבעריק...

איך האָב אים געבעטן מיר מוחל זיין און מיר שענקען נאָך א צען, פופצן מינוט: ער זאָל מיר דער־לויבן צייכענען אין זיין בלאָק־נאָט א סקיץ פון זיין פּנים.

באטראכטנדיק אים פאכמעניש, בין איך געקומען אין פארלעגנהייט: צייכענען פשוט איז מיר געווען זיי־ער שווער. איך בין געוווינט געווען איבערצוטרייבן, פון דער גוטער אָדער שלעכטער זייט. זיין פּנים איז גע־

ווען זייער א כאראקטעריסטיש. איך האָב אָנגעהויבן פון די סקולעס, געמאכט זיי בולטער, זיין געדיכטע טשו-פרינע האָב איך פארברייטערט „לייביש". די איינגן מיט די שטראלנדיקע קנייטשעלעך זענען ביי מיר ארויסגע-קומען אינגאנצן נאטירלעך. אין אלגעמיין האָט זיך בא-קומען א קאָפּ פון א גוטמוטיקן שמייכלענדיקן לייב, וואָס דו קענסט מיט אים זיין זיכער, אז ער וועט דיר קיינמאָל קיין שלעכטס נישט טאָן.

די עלנבויגנס אָנגעלענט אויפן טיש, אונטערשפּא-רנדיק מיט די הענט דעם קאָפּ, האָט מיכאיל פּיאָדאָראָ-וויטש געקוקט אויף מיין ארבעט. איך האָב נישט גע-ווסט: ער באטראכט מיין צייכענונג, אָדער קלערט וועגן עפּעס אנדערש.

— און איצט שרייבט אייך אונטער, נאָר מענטש-לעך...

נעמענדיק זיין האנט צום געזעגענען זיך, האָט מיין הארץ אָנגעהויבן שטארק קלאַפּן. איך האָב גע-פילט, אז דער מאָמענט איז די שווערסטע איבערלעבונג פון היינטיקן טאָג:

— מיכאיל פּיאָדאָראָוויטש... איך האָב צו אייך א בקשה... ווייערע זאָל דערפון גאָרנישט וויסן. איך האָב איר שוין אלין לאנג מוחל געווען...

* * *

די ארבעט אלס געהילף פון הויפּט-מאָלער האָט מיך פולשטענדיק באפרידיקט. איך האָב באקומען א צימער טאקע אין קולטור-פּאלאץ גופא, אין שכנות

מיט דער אטעליע, אויפן דריטן שטאָק. חוץ דעם האָב איך צוגאָבלעכע ארבעטן און פארדינסטן. אין דער שטאָטישער צייטונג שטעל איך צו פארן זונטיקדיקן נומער א קאריקאטור מעניני־דיומא, די שטאָטישע קלובן רייסן פון מיר שטיקער — איך העלף זיי ארויס אין די וואנט־צייטונגען. דאָס לעבן איז מיר אוועק נאָרמאל, נאָר פון צייט צו צייט כאפט מיך ארום עפּעס בענקשאפט און אומעט, כאָטש לויף צו דער קאסע אויף דער באַן...

יעדן אָוונט, אין גרויסן זאל אויף א פאָרשטעלונג, צי אין קליינעם זאל אויף די טאַנץ־אָוונטן, קוק איך זיך אויפמערקזאם ארום, אפשר וועל איך זי טרעפן, אָבער אָן דערפאָלג. איך קאָן נישט פארשטיין: א יונג מיידל זאָל נישט באזוכן דעם קולטור־פאלאץ. מארו־סיען, מיין ציגל־אויפלייגערין, האָב איך באלד דעם ערשטן זונטיק געזען מיט איר לאכנדיק מויל. א נס, וואָס זי האָט מיך נישט באמערקט. מיכאיל פיאָדאָראָ־וויטש, אן אָפטער באזוכער פון קולטור־פאַלאַץ, האָט מיך דאָס ערשטע מאָל אין מיינע מלבושים נישט דער־קענט. ווען איך בין צו אים צוגעגאנגען, האָט ער מיך הארציק, פאָטערלעך ארומגענומען.

— א, דאָס ביסטו, מיין עקשן!

און דערביי האָט ער געפונען פאר נייטיק מיר צו זאָגן, אז ער האָט וויערען נישט דערציילט.

ליבער מיכאיל פיאָדאָראָוויטש, ווען דו ווייסט, וואָס עס טוט זיך ביי מיר אָ־דאָ...

...זיץ איך אזוי איינמאָל אין אָוונט אין לייען-זאָל, בלעטער זשורנאַלן, בין שטאַרק פאַרטאָן, און עפּעס ווי א נישט פאַרשטענדלעכער כוח וואָלט מיך געשטויסן אויף א ווײַלע אויפצוהייבן דעם קאָפּ. דאָס האַרץ האָט ביי מיר אָנגעהויבן קלאַפּן ווי ביי א גזלן: וויערע!... שלאַנק, גראַציעז, מיט איר פראַכטפולן קאָפּ, אין א ווייס בלוזקעלע מיט א קורץ קליידל ביז די קני (דעמלט פלעגט מען טראָגן קליידלעך ביז די קני צוליב עקאָנאָמיע). זי דרייט זיך צווישן די טישלעך, זוכט א פריי אָרט און דערנענטערט זיך צו מיר. כאָטש איך בין געווען זיכער, אז זי וועט מיך נישט דערקענען, האָב איך זיך אינסטינק-טיוו פאַרשטעלט מיט א זשורנאַל. נישט ווייט פון מיר האָט זי געפונען א פריי אָרט, זיך אוועקגעזעצט, פאַר-לייגט א פוס אויף א פוס און אָפּגעדעקט א פּאָר געטאָק-טע קניעלעך. פון אָנהייב האָט מיר א ביסל פאַרדראָסן איר נישט צניעותדיקייט, נאָר זעענדיק ביי אלע פרויען אויפגעדעקטע קניען, האָב איך זיך בארויקט. פאַר-זיכטיק, פון איבערן זשורנאַל, האָב איך זיך ווידער אנט-ציקט מיט איר פּראָפיל. זי האָט אן ערנסטן געבלע-טערט א זשורנאַל זיצנדיק א ביסעלע געבויגן פאָרויס, פון צייט צו צייט איבערגעלעקט די אָנגעשמינקטע לי-פּעלעך און פאַררונצלט דעם שטערן.

איך האָב ארויסגענומען מיין בלאָק-נאָט און, האַל-טנדיק אים אזוי אויפן זשורנאַל, פאַרזיכטיק זי גענומען צייכענען. אָבער וואָס טוט מען מיט מיין אומגליקלעכן פעלער? איך קען דאָך נישט צייכענען פּשוט? דער נק-מה-געפיל צו איר איז פאַרשוווּנדן. ווען נישט, וואָלט

איך איצט געהאט מיט וואָס זיך נוקם צו זיין. איך וואָלט איר דאָס קליידל אויפגעהויבן העכער — פאַנ־טאַזיע ברוך־השם, פעלט מיר נישט — דעם ביוסט וואָלט איך שטארק פארגרעסערט, אָדער גאָר אויסגע־שניטן א „געפערלעכן" דעקאָלט...

די ענלעכקייט האָט זיך ביי מיר באלד באקומען. אירע ליפּעלעך, וואָס ווארפן זיך שטארק אין די אויגן, האָב איך א ביסעלע אויפגעמאכט. די לייכטע סקולעס האָב איך געמאכט א ביסל בולטער, דאָס איינציקע אויג, וואָס איך האָב געזען, פארגרעסערט, אויפגעריסן, פארלענגערט די וויעס, די ברעם אויסגעבויגן אין א שארפן בויגן, איר שיינעם האלדז פארלענגערט און — שוין. ענלעכקייט כמעט אויף די גאנצע הונדערט און ס'האָט זיך באקומען ווי א שיין רעקלאמע־קעפּל אין א פריזיר־אנשטאלט. אויפן סאמע האלדז האָב איך אוועק־געלייגט מיין „מיניסטאָרישן" אונטערשריפט, און א ביסל נידעריקער — מיינע דריי קרייצלעך.

וויקרע, ווי זי וואָלט געוואוּרט איך זאָל ענדיקן, האָט זיך אויפגעהויבן און איז, לאווירנדיק צווישן די קליינע לייען־טישלעך, אוועק.

אריינוואַרפנדיק דעם קאָנווערט מיט דער צייכע־נונג אין פּאָסט־קעסטל, האָב איך באלד חרטה באקומען, ס'איז שוין געווען שפּעט. איך האָב זיך געפילט נאריש: אליין זיך דעמאסקירט...

* * *

אין דער אַטעליע האָט זיך אָנגעהויבן א פּיבער־האַפטע ארבעט. מע האָט זיך געגרייט צום סילוועס־טער־אָוונט מיט א מאסקאראדן־באַל. מיין שעף האָט זיך פארנומען מיטן צוגרייטן דעם גרויסן זאַל, דעם טע־אַטער־זאַל, און מיר האָט ער איבערגעגעבן צו דעקאָ־רירן דעם טאנץ־זאַל. אין מיטן זאַל, ארומגערינגלט מיט כאָינקעס, איז געשטאנען דער „דיעד מאראָז" מיט א לאנגער ווייסער באָרד און לעבן אים — די שניי־מלכּה. איך האָב זיך געכאַפּט, אז נישט ווילנדיק איז ביי מיר די שניי־מלכּה ארויסגעקומען ענלעך צו וויערען...

ווען זי דען נישט קומען אויפן סילוועסטער־אָוונט?

ווינטער. די יונגנט אויף נארטן און גליטשערס. קינדער אויף שליטעלעך מיט פארפלאמטע, פון פראָסט אָנגעצונדענע בעקעלעך פארהילכן די לופט מיט פריי־לעכע קולות.

ערב ניי־יאָר. די לופט שמעקט מיט יום־טוב. אויפן דעפּילאַרע־פּלאַץ, קעגנאיבער דעם קולטור־פּאַלאַץ, האָט מען אוועקגעשטעלט א ריזיקע כאָינקע, באהאָנגען מיט פארשידנפארביקע לעמפּעלעך. ביינאכט, ווען די לעמ־פּעלעך צינדן זיך אָן און די כאָינקע נעמט זיך דרייען, שעמערירן זיי און שלאָגן זיך אָפּ אינעם שניי מיט אלע פארבן פונעם רעגנבויגן. קאראפּוזעלעך מיט שניטעלעך אין אויף גליטשערס באהערשן דעם פּלאַץ, און ס'דאכט זיך דיר, ביסט אריינגעפאלן אין א קעניגרייך פון א קינדער־מעשהלע...

צום סילוועסטער־אָוונט האָב איך אויסגעפּרעסט מיין מארינגע־אנצוג, אָנגעטאָן א ווייס העמד מיט א

שוואַרצן קראַוואַט. באַקוקנדיק זיך אין שפּיגל, בין איך געבליבן צופרידן. אויף מיר האָט געקוקט אַ סימפּאַטי־שער בחור מיט שוואַרץ־געקרייזלטע האָר, אַ ביסל אַ סעמיטיש אָוואַל פּנים, נישקשה...

עלף אַזייגער האָט אַ יום־טובדיקער עולם אָנגעהויבן פאַרפולן די זאַלן פון קולטור־פּאַלאַץ. פּאָרלעך מיט מאַסקעס און נישט מאַסקעס האָבן פאַרפולט דעם טאַנץ־זאַל, זיך באַוועגט אין ריטם פון דזשאַז־אָרקעסטער. דער עלטערער עולם האָט באַזעצט די ערטער פון טעאַטער־זאַל, וווּ עס האָט זיך געדאַרפט אָנהייבן דער אָפיציעלער טייל. ס׳האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַן אומרואיקייט. מיין האַרץ האָט געצויגן אַ בענקענדיקע דערוואַרטונג. אויף וואָס?... האָב איך זיך דען מיט איר אָפּגערעדט?... זי קען דאָך מיך לחלוטין נישט, זי ווייסט אפילו נישט ווי איך זע אויס. זי קען מיך פאַר אַן אַנאַל־פאַבעט אין ציגלנע מלבושים מיט אַ שרעקלעך פּרצוף...

אין גרויסן זאַל האָט מען פאַרמאַכט די טירן. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן די אַקאַדעמיע.

אין טאַנץ־זאַל שפּילט דער דזשאַז אַ טאַנגאָ. גראַציעז, לייכט באַוועגן זיך די פּאָרלעך. די פרויען אין לאַנגע באַל־קליידער, ס׳רוב אין מאַסקעס — צערטלען זיך צוטרוילעך צו די יונגע מענער. זייערע האַלב־אָפענע ליפּן זיינען צוזאָגנדיק...

אין דער זייט, אָנגעלענט אין אַ מאַרמאָר־זאַל, שטיי איך און זוך, פאַרש גיריק צווישן די טאַנצנדיקע פּאָרלעך. אַן אַנטוישטער און פאַרביטערטער, גיי איך

לסוף אוועק אין בופעט און טרינק אויס הונדערט גראם.

אין גרויסן זאל האָבן אָפּגעהילכט אפּלאָדיסמענטן, א סימן אז דער אָפיציעלער טייל איז געענדיקט. פול זע־נען געוואָרן די קולוארן. דער ראַדיאָ־הילכער האָט גע־מאָלדן, אז דער זייגער איז פינף מינוט צו צוועלף. ביי די בופעטן האָט מען אָנגעהויבן אָנפילן די באקאלן. איך האָב זיך פארשטעקט לעבן א פענצטער. אין קאָפּ האָט אָנגעהויבן א ביסל רוישן. און אָט איז אויסגעלאָשן געוואָרן דאָס ליכט. א מידער האָב איך פארמאכט די אויגן, עפּעס האָט זיך אין מיר אָפּגעריסן... איך האָב זיך דערמאָנט אין דער אלטער היים.. פאר מיינע אויגן זענען בולט געשטאַנען די אויסגעמאַטערטע עלטערן, וואָס האָבן מיך מיט אזויפיל ווייטיק געזעגנט, מיין קליין ליב שוועסטערל, דאָס „קאָזשעלע" מיט די צוויי צעפּעלעך. כ'האָב זיך דערפילט עלנט, איינזאַם, איבע־ריק און טרערן האָבן אָנגעהויבן טריפן פון מיינע אויגן...

דאָס ליכט האָט זיך אָנגעצונדן — פארבלענדט די אויגן. דער אָרקעסטער האָט אויפגעשפּילט א מארש. באַקאַלן האָבן געקלונגען. פריילעכע אויסרופן, קושן, ווונטשן צו ניי־יאָר. און איך, קיינער זאָל נישט בא־מערקן, וויש פאַרזיכטיק די אויגן...

— אָט, ווו איר האָט זיך פארשטעקט! איך זוך און זוך — ווי אין וואסער אריין.

פאר מיר איז געשטאַנען מיכאיל פּיאָדאָראָוויטש. איך האָב אים קוים דערקענט: ציוויל געקליידט, אין

א שווארצן אנצוג מיט א העלן קראוואט, מיט דעם ליבלעכן שמייכעלע און איןביידע הענט אָנגעפּילטע באָקאַלן.

— וואָס עפּעס אזוי אומעטיק? פע! נישט שיין. מיר באַגעגענען דאָס נייע יאָר און איר — מיט א זויערער מינע. ער האָט מיר דערלאַנגט א באָקאַל, מיר האָבן זיי אָנקלאַפּנדיק איינעם אין אנדערן, אויסגעליידיקט.

— קומט! — האָט מיך מיכאיל פּיאָדאָראָוויטש גענומען אונטערן אָרעם און סודותדיק איינגערוימט: איך וועל אייך באַקענען מיט עמעצן. איך גלייב, אז איר וועט זיך מיט איר נישט לאַנגווייליקן. נאָר געדענקט... — האָט ער מיר געדראָט מיט א פינגער...

ס'איז מיר געוואָרן שטאַרק אומבאַקוועם. איך האָב נישט געהאַט קיין שום חשק מיט וועמען נישט איז זיך צו באַקענען. ווי דערצייל אים וועמען איך האָב דערוואַרט. נאָר קעגנשטעלן זיך זיין פריינדלעכער גוטמוטיקייט בין איך נישט געווען בכוח.

מיט גרויס מי האָבן מיר זיך ביידע דורכגעשטופּט צווישן עולם אין דער ריכטונג צום טאַנץ-זאַל. דער עולם האָט מיט דרך-ארץ אונדז אָפּגעטראָטן דעם וועג, באַגריסנדיק און ווינטשנדיק. מיכאיל פּיאָדאָראָוויטשן האָבן אלע געקענט און ליב געהאַט. ביים אריינגאַנג אין טאַנץ-זאַל בין איך געבליבן ווי פאַרשטיינערט. איך האָב זיך ווייטער נישט געקאָנט מער רירן פון אָרט. צו מיין גרויסן ווונדער איז אויך מיכאיל פּיאָדאָראָוויטש געבליבן שטיין. הארט ביי דער טיר איז געשטאַנען זויערע אין א שוואַרץ לאַנג באַל-קלייד, אין איר גאַנצער

פרעכטיקייט. דערזעענדיק מיך האָט זי אראָפּגעלאָזט די אויגן פארדעקנדיק זיי מיט די לאנגע טונקעלע וויעס. איך האָב געשפּירט אז גיין ווייטער מיט מיכאיל פּיאָ־דאָראָוויטשן בין איך נישט בכוח. כ׳האָב א קוק געטאָן אויף אים. דערזען זיין שמייכעלע, מיט עפּעס א כיטרע גלאנצעלע, האָב איך באלד אלץ פארשטאנען... דאָך האָט ער מיך געפירט צו איר...

דער אָרקעסטער האָט געשפּילט א וואלץ. א גליק־לעכער האָב איך וויערען געפירט צווישן די טאַנצנדיקע פּאָרלעך. לייכט ארומגענומען איר טאליע, האָב איך זיך באמיט ס׳זאָל זי קיינער חלילה נישט אָנשטויסן, ווי כ׳וואָלט געהאלטן אין האנט א טייערע איידעלע זאך. מיר האָבן ביידע לאנג געשוויגן, געקוקט איבער די אקס־לען. אין איין מאָמענט האָבן זיך אונדזערע אויגן גע־טראָפן. מיר האָט זיך אויסגעדאכט, אז ביי וויערען פינקלען טרערן... איך האָב זי קוים־קוים נעענטער צו זיך צוגעדריקט. זי האָט דערפילט מיין באוועגונג און ס׳ערשטע מאָל האָב איך דערזען אירע בלענד־ווייסע געטאקטע ציין.

— דו האָט מיך דערקענט, וויערא?

— יאָ, איך האָב דיך שוין לאַנג דערקענט...

מער האָבן מיר נישט געטאנצט. אין גרויסן זאַל זענען אויפגעטראָטן די בעסטע שטאָטישע ארטיסטן. קוים אויסגעזעסן אַן איינאקטער. וואָס איז פאָרגעקו־מען אויף דער סצענע, האָב איך נישט פארשטאנען. האלטנדיק זיך ביי די הענט, ווי קינדער, זענען מיר גע־

לאָפּן איבער אַלע זאַלן און צימערן. און געבליבן שטיין פאַר דער מאָלער-אַטעליע.

— און דאָס איז מיין צימער — האָב איך אָנגע-וויזן וויערען אויף א טיר דערנעבן... מיר האָבן זיך ביידע אָנגעקוקט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן. זי האָט מיך אָנ-געכאַפּט פאַר א האַנט און מיך געצויגן אַראָפּ, מיט די טרעפּ. איך האָב קוים באַוויזן נאָכצולויפן...

אויף דער גאַס האָט אונדז אַרומגענומען א קאַל-טע, אנגענעמע, אָפּפרישנדיקע לופט. דער פראָסט האָט נאָכגעלאָזן, גרויסע שנייעלעך זענען פויל געפאַלן, פאַר-גליווערט געוואָרן אין דער לופטן, זיך מישב געווען און ווייטער געפאַלן. די שטאָט, א פּוסטע, האָט זיך אָפּגערוט פון די יום-טובדיקע תענוגים. ווו נישט ווו האָבן זיך דורך פענצטער אַדורכגעריסן פאַרשפּעטיקטע פריילעכע קולות.

האַלטנדיק וויערען אונטערן אָרעם, האָב איך זי געפירט אין דער ריכטונג פון איר וווינונג. זי איז גע-ווען ערנסט ווי הינטערן קאַסע-פענצטערל. מיר זענען געגאַנגען און געשוויגן. ווי מאָדנע איז פאָרגעקומען אונדזער באַגעגעניש, ווי צוויי אַלטע באַקאַנטע וואָלטן זיך געטראָפן. זיי זענען געווען צוליב עפּעס צעקריגט, זיך פּלוצלונג באַגעגנט און זיך איבערגעבעטן...

— וויערע — האָב איך לסוף איבערגעריסן דאָס שווייגעניש — דו האָסט דערהאַלטן מיין צייכענונג?

זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט א צעשטרייטן בליק און נישט באַלד געענטפערט.

— יאָ. דערהאלטן. איך האָב זיך שטארק דער־פרייט. איך האָב עס געוויזן מיין פאָטער. — האָבן מיר ביידע געלאכט פון די אונטערשריפטן. זעסט — האָט ער געזאָגט — די קרייצלעך פארגעסט ער נישט, דער עקשן...

— וואָס? דיין פאָטער ווייסט פון די קרייצלעך?!

— אוודאי. ווען דען האָב איך געקאָנט דער־ציילן, אז איינער פון אונדזערע בעסטע ארבעטער איז אן אַלפאַבעט?!

איך בין שטיין געבליבן א צעטומלטער.

— ווירע!?...

— יאָ... יאָ..



די בויונג אין ישוב האָט געהאַלטן אין פולן ברען. די „רייזן" זענען געוואַקסן אַלץ העכער. ס'האָט אויס־געזען, ווי ס'וואָלט אָנגעגאַנגען אַ שטילער געוועט: ווער גיכער...

דער זומער אין די היגע מקומות איז אַ קורצער, גו־טע וועטערן — ווייניק, און אויף ווינטער האָט יעדער געוואָלט זיין „אונטערן דאַך".

לאַזאַר אראָנאָוויטש האָט זיך גענומען מיט עקש־נות אַריינגראָבן אין דער ערד. ער, וואָס פלעגט זיך שטענדיק באַרימען, אַז ס'איז נישטאָ אויף דער וועלט קיין מלאכה, ביי וועלכער ער זאָל נישט האָבן געאַר־בעט, האָט געמוזט מודה זיין, אַז גראָבן אַ ברונעם קומט אים אויס ס'ערשטע מאָל. דערפאַר איז איוואַן איליטש געווען בקי אין די ענינים. היות דער ישוב האָט זיך געבויט אויף אַ הויך אָרט, האָט לויט זיינע חשבו־נות וואַסער זיך באַדאַרפט באַווייזן אויפן זיבעטן מע־טער. איוואַן איליטש האָט אויפגעלעבט, ער איז יינגער געוואָרן, לעבעדיקער, אין זיינע וואַסערדיקע העלע איי־געלעך האָט זיך אַדורכגעכאַפּט עפּעס אַ גאָלדיקער גלאַנץ. בכדי די בויונג פון זיין הייזל זאָל נישט אָפּ־שטיין בשעת גראָבן דעם ברונעם, האָט ער צוגענומען צוויי טעסלער און ער — יונג, ענערגיש, פאַרהאַ־

וועט — האָט אָנגעפירט מיט דער בויונג פון זיין און לאַזאַר אַראָנאָוויטשעס הייזל, און אין דער זעלבער צייט געהאַקט דעם „סרוב" פאַרן ברונעם.

נאָכן ערשטן מעטער האַרט, כמעט פאַרפרוירן ליים, וואָס מען האָט געמוזט האַקן מיט א ברעך-אייזן און אַ לאָם, האָט זיך אָנגעהויבן זאַמד — דין, סיפּקע שטיין-זאַמד. אָט דאָס זאַמד האָט שטאַרק באַאומרו-איקט איוואַן איליטשן. אין אַזאַ פאַל פאָדערט זיך פאָר-זיכטיקייט, כלערליי פאַרפעסטיקונגען, אונטערהאַל-טערס, בכדי אויסצומיידן אַן אָפּשיט חלילה, און אחוץ דעם וואָס דאָס פאַרנעמט אַ סך מער צייט און באַ-שווערט די אַרבעט, גייט עס אויס צו געלט — געהילץ קריגט מען נישט בחינם.

דאָס גראָבן דערפאַר איז געוואָרן פיל לייכטער, לאַזאַר אַראָנאָוויטש איז אַלץ מער אַראָפּ אין דער טיף און איוואַן איליטש האָט קוים באַוויזן שטעלן פאַרפעס-טיקונגען.

ביזן פערדטן מעטער האָט זיך געצויגן דאָס זאַמד. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז ס'וועט קיין סוף נישט נעמען. אויפן פערטן מעטער האָט דער גרונט אָנגעהויבן ווערן וואָס אַמאָל פייכטער און ליימיקער, ס'האָבן זיך באַ-וויזן קיזלשטיינער פון פאַרשידענער גרייס און פאָרם, און דאַן ווידער אַמאָל האַרט ליים, ווידער האָט מען גע-מוזט באַנוצן דעם לאָם מיט דעם ברעך-אייזן, די אַר-בעט איז געוואָרן וואָס אַמאָל שווערער.

אויף אַרויסצובאַקומען דעם גרונט האָט איוואַן אי-ליטש פאַרפעסטיקט אַ וואַל מיט צוויי קאָלבעס, מיט

אָן עמוער צוגעפּעסטיקט צו אַ קייט האָט ער אַרויפגע־
דרייט די ערד, ווי מען ציט אַרויף וואַסער. און דאָ האָט
זיך אַרויסגעוויזן, אַז אָן הילף וועט מען זיך קיין עצה
נישט געבן. די שכנים האָבן באַשלאָסן „איינצושפּאַנען"
זייערע ווייבער.

דאָס באַווייזן זיך פון עלזע באַריסאָוונען, לאַזאַר
אַראָנאָוויטשעס ווייב, האָט אויפגערודערט דעם ישוב.
מען איז געקומען צו לויפן קוקן אויף חידושים. אין
שטאָט האָט עלזע געשמט פאַר אַ בילד־שיינהייט, זי
האָט פאַרמאָגט דעם אמתן יידישן חן. די געדיכטע
שוואַרצע צעפ, האָט זי הינטן פאַרדרייט אין אַ „קעקס"
און ס'האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט געטראָגן אַ קרוין.
געלאַכט האָט זי מיט אַ פול מויל, זאַפטיק, אויפדעקנ־
דיק ווייסע געזונטע ציין. און אַ פּאָר אויגן האָט זי גע־
האַט, וואונדערלעכע, שוואַרצע, גרויסע, אָוואַלע, ווי ציי־
טיקע פלוימען־וועגנגערקעס. איר שיינעם קאָפּ האָט על־
זע באַריסאָוונע געטראָגן מאַיעסטעטיש ווי אַ מלכה.

גאָר אַ שטאַרקן רושם האָט זי געמאַכט אויף אי־
וואַן איליטשן, ווען ער האָט זי געזען ס'ערשטע מאָל.
ער איז געבליבן שטיין מיט אַ אָפן מויל, און אין זיין
קאָפּ זענען אויפגעקומען ספקות און חשדים: אַ „באַ־
רינע" מסתמא. מיטן זעלבן חשד האָט ער זיך פון אָנ־
הייב באַצויגן צו לאַזאַר אַראָנאָוויטשן גופא. נאָר באַ־
טראַכטנדיק איר פּופּייקע און די גומענע שטיוול, האָט
ער זיך אַ ביסל באַרואיקט. שפּעטער, זעענדיק מיט
אַ וואַסער ברען און עקשנות זי האָט געהאָלפן, נישט
אָפּטרעטנדיק אַ גאַנצן טאָג פון דער קאָלבע, אונטער־

מונטערנדיק די אילימשיכע, וואָס איז צוליב איר פעמלייביקייט און שוין נישט יונגע יאָרן אָפּגעשטאַנען — איז ער אינגאַנצן אַרויסגעשלאָגן געוואָרן פון טאָלק.

וואָס זענען דאָס פּאַר אַ מענטשן? וואָס איז דאָס פּאַר אַ פאָלק? אין דער ווייטער סיבירער שטאָט זענען געווען ווייניק יידן. איוואַן איליטש האָט זיי כמעט נישט געקענט. ער האָט געוווסט, אַז יידן זענען סוחרים, שפּעקולאַנטן, און דאָ נאָ דיר... אַזעלכע אַרבעטער דאַרף מען דאָך זוכן, און אַזעלכע טייערע, האַרציקע מענטשן! דער אַלטער איליטש האָט געפילט, אַז בײַ אים דרייט זיך אַלץ איבער.

לאַזאַר אַראָנאָוויטש האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַלץ טיפער. ס'האָט זיך פונסניי באַוויזן זאַמד. גראָבן איז געבליבן אַ מעטער, אָנדערהאַלבן. ער אַליין איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטיק ערד, געוואָרן אינגאַנצן באַוואַקסן, וואָרעם ער האָט געטאָן אַ נדר: „ביזן וואַסער זיך נישט גאָלן". אין אָוונט, ווען די ווייבער האָבן אים אַרויסגעצויגן מיטן עמער, האָט ער אויסגעזען ווי אַן אוראַלטער ריזיקער בער, וואָס איז אַרויס פון אַ הייל. אַ מידער, האָבן זיינע ברוינע אויגן געשמייכלט מיט אַ צופרידענעם גליקלעכן שמייכל, פון זיין גוף האָט געשפּאַרט באַפרידיקטקייט, אָנגעזעטיקטקייט מיט גוטער אַרבעט.

אויפן זיבעטן מעטער האָבן זיך בײַ לאַזאַר אַראָנאָוויטשן דערוועקט פרישע כוחות. ווי אַ דורשטיקע חיה, וואָס דערפילט די נאָענטקייט פון וואַסער, האָט

ער אָנגעהויבן אַרבעטן גיכער. יעדעם שטיינדעלע, אויף וועלכן ס'האָט זיך אָנגעשטויסן זיין לאָפּעטע, האָט ער גענומען אין האַנט אַריין, געטאַפּט, געפּאָרשט, געזוכט אין דעם פייכטקייט. נאָר דער גענאַרטער זשוויר, וועלכער דאַרף זיך אַנטפּלעקן, ווי אַ סימן אַז וואַסער איז נאָענט, באַווייזט זיך אַלץ נישט.

איוואַן איליטש האָט גענומען ווערן אומרואיק. שוין וויפל מאָל איז ער געלאָפן צום נאָענטסטן ברונעם, וואָס געפינט זיך אויף אַ מהלך פון צוויי וויאָרסט פון דאַנען. ווי אַ שמעק-הונט טאַפּט ער דעם מרחק, די הויך. שוין עטלעכע מאָל האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אין ברונעם — געשמעקט, געטאַפּט די ערד. נישט שוין-זשע זאָל ער זיך האָבן טועה געווען אין חשבון, דער אַלטער פוקס. אַזאַ פאַל טרעפט זיך ביי אים ס'ערשטע מאָל.

...אָנשטאָט דעם דערוואַרטעטן זשוויר האָט זיך אָנגעהויבן אַ פרישער שיכט ליים...

— דאָס וואַסער אַנטלויפט פון אונדז, אַראָנאָוויטש.

לאַזאַר אַראָנאָוויטש האָט געשוויגן. אַ שווערקייט האָט געליימט זיינע הענט. ער האָט פלוצלונג דערפילט די מידקייט פון די עטלעכע וואָכן שווערע אַרבעט, זיך געפילט אָפּגענאַרט, ווי מען וואָלט פון אים געחוזקט. נאָר דערזעענדיק איליטשעס פנים, פול ווייטיק און צער, האָט ער אים גענומען באַרואיקן און טרייסטן: „נישקשה, איליטש, אַ טעות קאָן יעדער האָבן". און ווידער

האָט ער מיט רציחה און עקשנות געהאַקט מיט דעם ברעך-אייזן אין האַרטן ליים.

די ווייטערדיקע אַרבעט פון די 4 מידע מענטשן איז איצט פאַרגעוועצט געוואָרן מיט שטילער עקשנות. מען האָט ווייניק צווישן זיך גערעדט. פון צייט צו צייט, ווי על פּי טעות, האָט זיך אַרויסגעריסן עלזע באַריסאָוו-נעס הילכיק געלעכטער און באַלד זיך אָפּגעהאַקט. די פרויען האָבן אַלץ אַרויפגעדרייט שטיקער האַרט ליים. זיי האָבן געקוקט הערויף מיט עקל, ווי אויף געפּגרטע שרצים, און מיט די אויגן גיריק געזוכט — אפשר שוין זשוויר... אפשר שוין א סימן כאָטש פון זשוויר...

* * *

סוף חודש, ווי נאָר אַראָנאָוויטש האָט זיך אַראָפּ-געלאָזט און אָנגעהויבן גראָבען, האָט זיך פון די טיפע-נישן דערהערט א פאַרדומפּטע שרעקלעך געשריי... „וואַ-סער! וואַסער"!. איוואַן איליטש איז נישט געווען ביים ברונעם. אַן אומרואיקער, אין געהאַקטע צרות, איז ער אַוועק צום אַלטן ברונעם מאַכן זיינע חשבונות. באַרי-סאָוונעס שטאַרק קול רופנדיק איוואַן איליטשן האָט געהילכט איבערן ישוב און די תמיד שווייגנדיקע, דער-שלאָגענע איליטשיכע האָט אויך אַרויסגעלאָזן מאָד-נע, היסטעריש-קוויטשעדיקע קולות.

עמערם מיט נאַסע קליינע שטיינדלעך זענען כסדר געהויבן געוואָרן פונעם ברונעם. איליטש איז אָנגעלאָפן א צום טויט דערשראָקענער, ער האָט געמיינט, אַז

ס׳איז געשען חלילה עפּעס אַן אומגליק — אַן אָפּ־שיט — און ווען ער האָט דערזען אַן עמער מיט נאַסן ליים און זשוויר איז ער געבליבן שטיין אַ טויט־בלאַ־סער. די שטעכיקע וואָנסן, וואָס האָבן זיך אים אין דער לעצטער צייט אַראָפּגעלאָזט, האָבן זיך אים שפּיציק אַוועקגעשטעלט. קיין וואָרט נישט אַרויסריידנדיק האָט ער אָנגענומען פולע הענט מיט נאַסן זשוויר, זיי צוגע־לייגט צום מויל, צום פּנים און טראָפּנס טרערן זענען אים געפאַלן פון די אויגן...

די ידיעה, אַז אינעם ברונעם האָט זיך באַוויזן וואַ־סער, האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט איבערן ישוב. „וואַסער" — האָט ווי אַ כישוף־שפּרוך געשוועבט אין־דערלופטן. ס׳איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיט אַזאַ ליב־שאַפט, פּונקט ווי מענטשן וואָלטן חדשים געוואַנדערט אין מדבר און לסוף אָנגעטראָפן אויף אַ קוואַל.

אַראָנאָוויטשן האָט מען אַרויסגעצויגן אַ שמוציקן, אַ נאַסן, אַ גליקלעכן. אַ מידער האָט ער זיך אַראָפּגע־לאָזט אויף אַ באַרג ליים און פאַררויכערט. פון די אַרויס־געצויגענע עמערס ליימיק וואַסער איז געוואָרן אַ לו־זשע. די אָנגעלאָפענע שכנים האָבן מיט צופרידנקייט געטאָפּטשעט אין דער ליימיקער בלאָטע, ווי דאָס וואָלט געווען אַ היילנדיקע פּליסיקייט. אַ נצחון־געפיל האָט באַהערשט די מענטשן, ווי זיי וואָלטן גובר געווען אַ שטאַרקן שונא.

עלוזע באַריסאָוונעס הילכיק געלעכטער האָט זיך פריי געטראָגן איבערן ישוב: וואַסער!.. וואַסער!...
שמחת בית השואבה.

אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט אַ געגעץ. מיט אַ גע־שמאַקן שטאַרקן געגעץ, וואָס האָט שיר נישט אויס־געדרייט דעם קין ביז טרערן.

— ביסט הונגעריק?

אויף דער שוועל פון דער ברויט־קאַמער איז גע־שטאַנען טאָסיע מיט די גרויסע העלע אויגן און געקוקט אויף מיר מיט רחמנות.

— ביסט הונגעריק?

איך געדענק נישט גענוי, צי בין איך געווען הונ־געריק אָדער נישט, מסתמא יאָ. איך בין שטענדיק גע־ווען הונגעריק. מיין פּאָרציע ברויט האָב איך איינגע־שלונגען ביים מיטאָג און געלייגט זיך שלאָפן אַ הונגע־ריקער. ווי אַלעמאָל בין איך אַרויס פאַרן שלאָפן אין דרויסן. נו — האָב איך געגעבן אַ געגעץ. וועמענס דאגה איז עס? מיך האָט פאַרדראָסן — וואָס קוקט זי אונטער?

איך האָב זיך בייז אָפּגעריסן:

— ניין! איך בין נישט הונגעריק.

— וואַרט. לויף נישט...

זי איז אַראָפּ פון דער הויכער שוועל, צו מיר כמעט צוגעשוועבט, מיט אירע דראָבנע באָרוועסע פיס.

— איך ווייס, האַלט זיך נישט גרויס, ביסט נישט ביי דער מאַמען.

זי האָט צו מיר אַרויפגעקוקט מיט אירע העלע גרויסע אויגן. דער בליק אירער האָט אויסגעדריקט: זאָרג, צוטרוילעכקייט. אַזוי האָט אַמאָל אויף מיר גע־קוקט מיין מאַמע, טאַפּנדיק דעם שטערן, בעת איך בין געווען קראַנק.

שטיל, שעפּטשענדיק האָט זי מיר געזאָגט: — ווען ס'וועט גוט פינצטער ווערן, קום צו צום פּרויען־באַראַק אינעם ווינקל פון יענער זייט, אָן די פענצטער. איך וועל אויף דיר וואַרטן...

צוקומענדיק צום אָנגעוויזענעם אָרט, האָב איך גאָר־נישט געזען, דאָס ווינקל איז געווען איינגעהילט אין אַ געדיכטער פינצטערניש. אַ ביסל שפּעטער האָבן פון דער שוואַרצקייט קוים אַרויסגעשיינט די צוויי העלע אויגן טאָסיאַס, און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זיי הענגען אין דער פינצטערער נאַכט. איך האָב דערפילט אַ ריח פון פריש וואַרעם ברויט.

— קום צו נעענטער — האָב איך דערהערט אַ גע־פּליסטער — נעם מיך אַרום...

איך בין געוואָרן צעטומלט... אָט צוליב וואָס טאָ־סיע האָט מיך באַדאַרפט...

צו ליבע בין איך נישט געווען פעיק. אויסגעמאַ־טערט פון שווערער אַרבעט, הונגעריק, בין איך געווען אינגאַנצן אַטראָפירט. מיין מוח, דער גאַנצער געדאַנק איז געווען פאַרנומען מיט איין זאַך — מיט וואָס אָנ־צופילן דעם מאָגן, מיט וואָס צו שטילן דעם נאָגנדיקן

הונגער, ווי צו דערהאַלטן די כוחות. איך האָב געוואָלט זיך אויסדרייען און אַוועקגיין. נאָר דער ריח פון פריש ראָזעווע ברויט, וואָס האָט זיך געפילט פון טאַסיען, האָט מיר צוגעקאָוועט די פיס.

— קום צו נעענטער, נעם מיך אַרום... — האָט זי איבערגעחזרט שטיל...

איך נעם זי אַרום... איך מאַך עס אומגעלומפּערט, עפּעס אַזוי אידיאָטיש.

— אַ ביסל לייכטער, דריק נישט אַזוי, ווי אַ בער...

איר קליין פיגורל איז פאַרלוירן געוואָרן אין מיינע אָרעמס. איך האָב דערפילט איר יונגן שטייפן קערפּער. עס האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַן עקל צו זיך, איך שפּיר, אַז כ׳וועל רויט פאַר בושה. פון גרויס חרפּה האָט מיך געוואָרפן אין היץ. איך האָב זיך געפילט נישטיק, נאַריש, אומגליקלעך...

— שטעק אַריין די האַנט אין מיין בוזעם — שעפּטשעט מיר טאַסיע אין אויער...

עס האָבן מיך אַרומגעכאַפּט אַנגסטן. איך צי אָפּ דעם דרייעקיקן רעקאָלט פון איר געשטריקט דזשעמפּערל, לאָז לאַנגזאַם אַריין די האַנט אין איר בוזעם, און דערפיל עפּעס... שאָרכעוואַטעס, קרישלדיקס און... כ׳האָב אַלץ באַלד פאַרשטאַנען: איך האָב אַרויסגעצויגן אַ שטיקל פריש שמעקנדיק ברויט.

— און איצט טו מיר אַ קוש, און גיי. זי האָט אונטערגעשטעלט איר באַק. איך האָב זיך לייכט צוגערירט מיט די ליפּן.

— מאָרגן קום ווידער אין דער זעלביקער צייט, נאָר פאָרזיכטיק, קיינער זאָל גאָרנישט באַמערקן...

— טאָסיע... וואַרט... האָט מען נישט געקאָנט פראָסט פשוט, אָן די אַלע קונצן?...

— ניין. איך האָב שטאַרק מורא. דו קאָנסט זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, וויפל שונאים איך האָב צווישן די פרויען, ווי מען איז מיך מקנא. דאָס זענען וועלף, נישט קיין מענטשן, מ'זאָל קוקט מיר כסדר נאָך. איך בין זיכער, אַז איצט קוקט מען אויך נאָך... נו, וועט מען אונדז זען ליבן זיך, כאָטש דאָס איז אויך פאַרבאָטן, נאָר נישט אַזוי שרעקלעך. פון דעם וועל איך זיך אַרויס־דרייען... נו, קום מאָרגן, פאָרזיכטיק...

אינגאַנצן אַ נאַסער, באַגאָסן מיט שווייס, בין איך אַוועק. וויפל אַנגסט, וויפל שרעקן צוליב אָט דעם שטיקל ברויט, מיט וויפל געפאַרן איז דאָס פאַרבונדן. און פאַר־וואָס, צוליב וואָס איז זי זיך מקריב? איך האָב דערפילט אַ גרויסע דאַנקבאַרקייט צו אָט דעם שטשופלען מיידעלע מיט די גרויסע הגלע אויגן.

* * *

אין באַראַק איז געהאָנגען אַ געדיכטער עיפוש. אויסגעמאַטערטע, הונגעריקע מענטשן, כמעט נאַקעטע, זענען געלעגן אויף די נאַרעס אין פאַרשידענע פאָזעס, אומרואיק אין שלאָף זיך באַוועגט, זיך געדרייט ווי פאַרוואונדעטע אין טויט־אַנגסטן אויפן שלאַכט־פעלד. איך האָב פאָרזיכטיק, שטילערהייט זיך אויסגעטאָן,

אַרויף אויף דער נאַרע, איבערגעדעקט זיך מיט דער קאָלדרע איבערן קאָפּ און שטילערהייט מיט פאַרגעניגן אָנגעהויבן קייען דאָס שטיקל געשמאַקע פרישע ראָזע־ווע ברויט...

יעדן טאָג, אין דער זעלבער צייט, בין איך געלאָפן הינטערן פרויען־באַראַק אויף דער „טרעפונג״, אַרויסגענומען טאָסיען, אַרויסגעצויגן פון איר בוזעם דאָס שטיקל ברויט, איר אַ קוש געטאָן אין באַק, און שפּעטער אַ זאַטער אַנטשלאָפן געוואָרן.

איך האָב אָנגעהויבן זיך פילן קרעפטיקער, שטאַרקער. דער הונגער האָט מיך שוין נישט אַזוי געמאַטערט. איך האָב זיך געכאַפּט, אַז אין מיר וועקן זיך צו איר אַנדערע געפילן. ווען איך האָב זי אַרומגענומען, האָב איך אַלץ מער אָנגעהויבן שפּירן איר קערפּער, איר בויך, אירע פיס. אַריינשטעקנדיק די האַנט אין איר בוזעם, האָב איך נישט שטענדיק גלייך אָנגעטראָפן אויפן שטיקל ברויט... ווען טאָסיע פלעגט מיר אונטערשטעלן די באַק אויף אַ קוש טאָן, פלעג איך זיך באַמיען קושן נענטער צום מויל.

האָט טאָסיע געפילט די ענדערונג, וואָס איז אין מיר פאָרגעקומען?

איך בין געווען זיכער, אַז נישט. איך האָב שטאַרק געוואָלט, זי זאָל דאָס נישט פילן. זי איז מיר געוואָרן טייער, נאָענט, ליב. איך האָב שטענדיק געטראַכט, ווי אַזוי און מיט וואָס איר אָפּצודאַנקען פאַר דער האַרציקער מענטשלעכער באַציונג. איך האָב געפילט, אַז מיטן שטילן הונגער, בין איך געוואָרן אַ מאַן; ס'האָט זיך

אין מיר דערוועקט אַן אַנדערער הונגער. ס'איז מיר געוואָרן זייער שווער...

מיט אומגעדולד האָב איך געוואַרט אויף דער נאַכט. ווען שטיקל ברויט האָב איך אינגאַנצן אויפגע־הערט צו טראַכטן. אַ גאַנצן טאָג איז מיר טאָסיע גע־שטאַנען פאַר די אויגן, יעדן טאָג איז זי פאַר מיר שע־נער געוואָרן. זי האָט זיך מיר אויסגעוויזן אַלס אַן אוי־סערגעוויינלעכע שיינהייט: די ציין! דאָס מויל! די נאָז! פאַרוואָס האָב איך פריער דאָס אַלץ נישט געזען? ווו זענען געווען מיינע אויגן? ווי אַזוי האָב איך נישט באַ־מערקט איר פּרעכטיקע שלאַנקע פיגור? צערטלעך, מיט ציטערדיקע הענט פלעג איך זי אַרומנעמען... איך האָב שטאַרק מורא געהאַט זי זאָל זיך נישט באַליי־דיקן...

איינמאָל — די נאַכט איז געווען אַ לבנהדיקע, אונ־דזער פינצטערער ווינקל איז געווען לייכט באַלויכטן. טאָ־סיע איז פאַר מיר געשטאַנען אַ פּרעכטיקע, אירע גרוי־סע העלע אויגן האָבן אין לבנה־ליכט געשיינט ווי צוויי פאָנאַרן, און געקוקט האָט זי אויף מיר פאַרחידושט. דאָס מאָל האָט אויך זי מיך געזען. איך האָב זיך צו איר דערנענטערט, נאָר טאָסיע, עפּעס אַ הערשראָ־קענע, האָט געמאַכט אַ טריט צוריק און אויסגעשטרעקט אַ האַנט ווי זיך צו פאַרטיידיקן... אָט די באַוועגונג האָט מיך אַרויסגעבראַכט פון גלייכגעוויכט. ווילד האָב איך זיך צו איר געוואָרפן, געכאַפּט ווי אַ קינד אויף די הענט. זי האָט אַרויסגעלאָזט אַ פאַרשטיקטן געשריי, איך האָב זי אָנגעהויבן קושן אין מויל, אין די אויגן, אין נאָז, אין

האַלדז. ווי אַ משוגענער האָב איך זיך מיט איר געדרייט אויף איין אָרט און שטילע געשטיקטע צערטלעכע ווער־טער האָבן זיך געשיט פון מיין מויל: טאַסיע, טייערע, ליבלעכע, האַרציקע. זי איז מיר געוואָרן פון ווערן זיך. איך בין צוגעפאַלן צו אירע ליפּן און זיך לאַנג, לאַנג נישט געקאָנט אָפּרייסן... איך האָב זי לאַנגזאַם אַראָפּ־געלאָזט אויף דער ערד... — — — — — — — — — —

מיר זענען געשטאַנען איינער אַנטקעגן אַנדערן די קעפּ אַראָפּגעלאָזט. איך האָב זיך געפילט אומגליקלעך, שולדיק, ס'איז מיר געווען שווער צו אָטעמען, ווען איך האָב אויפגעהויבן דעם קאָפּ, האָבן אויף מיר געקוקט טאַסיעס אויגן פול מיט טרערן. קיינמאָל, קיינמאָל וועל איך אָט די אויגן נישט פאַרגעסן. וויפל צער, וויפל פּיין האָט פון זיי ארויסגעקוקט... איך האָב נישט געוווסט וואָס צו זאָגן... איך האָב נישט געפונען קיין ווערטער זי איבערצובעטן... וועט זי דען מיר מוחל זיין?... „טאַ־סיע, ווען דו שפּייסט מיר אין פּנים אַריין, ווען די שלאָגסט מיך, ווען דו זידלסט מיך, וואָלט מיר לייכ־טער געווען". זי האָט געקוקט אויף מיר, לויטערע טרערן, ווי בריליאַנטן, האָבן געטריפט פון אירע אויגן...

— ניי — האָט זי ענדלעך ארויסגעפּליסטערט — ניי! מער וועלן מיר זיך נישט טרעפן... אין מיין ברוסט נייטיקסטו זיך שוין מער נישט, האָסט זיך שוין אָנגע־זעטיקט...

זי איז שנעל פאַרשוונדן.

צומאָרגנס און א סך טעג שפּעטער בין איך געלאָפן הינטערן פּרויען־באַראק, נאָר טאסיע איז מער נישט גע־קומען. איך האָב זי פארלוירן. פארלוירן א שטארקע פריינדשאפט. ווי נאָר איך פלעג קומען פון דער אר־בעט, פלעג איך זיך אָנהייבן דרייען ארום דער ברויט־קאַמער, כאָטש דורך א שפּארע, דורכן פענצטערל זי זען, כאָטש כאַפּן א בליק אויף איר. לאנג, לאנג האָב איך זיך אזוי געפּייניקט...

דער הונגער האָט מיך ווידער גענומען מאטערן. איך בין געוואָרן אָפּגעשוואכט און ביכלעכווייז אָנגע־הויבן ארויסלאָזן פון געדאנק טאסיען. דער הונגער איז געווען מיין בעסטער רופא. איך וואָלט אין איר אפשר אינגאנצן געווען פארגעסן, ווען נישט א פאל וואָס האָט מיך אויפגעטרייסלט:

יענע נאכט האָב איך בשום אופן נישט געקאָנט איינשלאָפן. דער הונגער האָט מיך שטארק געפּייניקט. כ'האָב זיך געדרייט אין אלע זייטן, פארשידענע מחש־בות זענען מיר געקראָכן אין קאָפּ אריין. און אָט האָב איך באמערקט, אז מיין שכן פון דער רעכטער זייט, מיין חבר סטיאָפּע, איז נישטאָ. סטיאָפּע איז געווען איינער פון מיינע נאָענטסטע חברים — געקומען צוזא־מען פון איין אָרט, געארבעט צוזאמען, מיר האָבן זיך זעלטן ווען געשיידט. ווו קאָן ער זיין אזוי שפּעט? א שטילער חשד האָט מיך גענומען נאָגן... כ'האָב אָבער באַלד דעם געדאנק אָפּגעוואָרפן. און אָט, האָט זיך שטיל אויפגעמאכט די טיר און ווי א גנב האָט ער זיך אריינגעשארט אין באראק. ביים שוואכן שיין פון עלעק־

טרישן לעמפּל האָב איך באמערקט, אז זיין שטענדיק אויסגעהונגערטע פארכמורעטע פּנים שיינט, מאָדנע גלאנצן זיינע אויגן... ער האָט זיך רווישלאָז אויסגעטאָן, ארויף אויף הער נארע און די קאָלדרע ארויפגעצויגן איבערן קאָפּ — אָט אזוי ווי איך פלעג עס טאָן. איך האָב זיך אינגאנצן אָנגעשטרענגט. געוואָרן נאָר געהער. אין מיין נאָז האָט א שלאָג געטאָן א ריח פון פריש ברויט... אָן ספק, סטיאָפּע האָט געקייט פריש געשמאק ברויט, וואָס ער האָט ארויסגעצויגן פון טאסיעס בו־זעם...

איך בין נישט געווען אייפערזיכטיק, ניין. איך האָב אויך נישט מקנא געווען מיין חבר פארן ברויט, מיך האָט באאומרואיקט אן אנדער זאך: מיך האָט שטארק געפייניקט דער געדאנק, עס זאָל זיך נישט מיט סטיאָפּען איבערחזרן דאָס זעלבע, וואָס מיט מיר. אז טאסיע, דער איידעלער מענטש, זאָל ווידער אויסשטיין גראָבקייטן, אז פון אירע שיינע אויגן זאָלן ווידער טריפן ביטערע טרערן...

...נאָר אפשר, אפשר — האָב איך זיך געפּרווט טרייסטן — וועט מיין חבר זיין איידעלער פון מיר, קלי־נער, אויסגעהאלטענער...

...איך נעם ארום טאסיען. איך פיל אינגאנצן נישט איר קערפּער. אירע ברוסטן זענען עפּעס מאָדנע פול און הויך... א... איך פארשטיי שוין... איך צי אָפּ איר דזשעמפּערל און צי ארויס פון איר בוזעם גאנצע ברויטן, פרישע, ווייסע געשמאקע ברויטן, ברוינלעכע וורשטן,

סערדעלקעס, ניין... דאָס זענען נישט קיין סערדעלקעס, דאָס איז שאָקאָלאַד אין דער פאָרם פון סערדעלקעס, דערנאָך גייען קאַרמעלן, ריזיקע, צוגעטשעפּעט איינער צום אנדערן — א גאַנצע קייט, ווייטער צי איך סטענ־געס פאַרשידענע קאָלירן: רויטע, באָרדאָ, גרינע, געלע, אַראַנזשעווע — זיי ציען זיך און ציען, ס׳נעמט נישט קיין ענדע. עס שאַפט זיך א גאַנצער בארג און פאַרשיט טאַסיען, בלויז איר קאָפּ זעט זיך אַרויס, און פון אירע אויגן גיסן זיך טרערן, גיסן און גיסן אָן אויפהער... טאַ־סיע! טאַסיע! — שריי איך — וואָס וויינסטו? דאָס איז דאָך אַלץ דיינס... פאַר דיר, אַלץ דיינס...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אויף מיר קוקט דערשראָקן סטיאָפּע:

— וואָס שרייסטו? וועקסט אויף דעם גאַנצן באַ־ראַק... טאַסיע, טאַסיע, וועלכע טאַסיע?... מיר קוקן זיךביידע אין די אויגן... איך מאַך זיך פאַרשלאָפן, פאַר־מאַך די אויגן און דריי זיך איבער אויף דער אנדערער זייט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס׳זענען אַוועק א סך יאָרן. טאַסיע איז ביי מיר גע־וואָרן א ווייטער חלום. איך האָב זיך געפונען אין א שטאָט אויף דרום, אויף אָפּרו. דער טאָג איז געשטאַנען א פּרעכטיקער — אָנהייב אויגוסט. די ביימער האָבן זיך געבויגן אונטער דער משא פון פּירות. דער אַראָ־מאַט פון מאָרעלן, באַרן, עפּל האָט אָנגעפילט די לופט. די קיפּאַריסן־אַלייע איז געווען פול מיט שפּאַצירנדיקע.

ס׳איז געווען אזוי לייכט און גוט אויף דער נשמה. ס׳האָט זיך אזוי שטארק געוואָלט לעבן, ליבן. די הילכנ־דיקע געלעכטערס פון די יונגע פאָרלעך האָבן געוועקט בענקשאפט. אויף די בענק האָבן גערוט יונגע מוטערס, אין דער זייט קינדער־וועגעלעך, זקנים האָבן געדרימלט און — קינדער. קינדער. אָן א שיר.

א קינדער־קולכל אין א וועגעלע האָט זיך שטארק געריסן. די יונגע מוטער, אינגאנצן ווייס געקליידט, האָט זיך באמיט עס צו בארואיקן. איך האָב זיך אָפּ־געשטעלט. ווען די מוטער האָט זיך אויסגעגלייכט, האָב איך אויפגעציטערט... אָנגעכאפּט זיך ביים הארצן... ניין, כ׳האָב נישט קיין טעות, דאָס זענען די שוין לאנג פארגעסענע. גרויסע העלע פרעכטיקע אויגן...

— טאַסיען?!

— דו?

איך האָב איר לאנג מיט אנטציקונג געקוקט אין די אויגן. די זעלבע אויגן. פון פארחידושקייט האָבן זיי זיך פארביטן אין א ווארעמען ווייכן שמייכל:

— ביסט הונגעריק?

— יאָ! — האָב איך כמעט אויסגעשריגן.

— צום באדויערן, קאָן איך דיר מיט גאָרנישט העלפן... דו זעסט דאָך, א זייגנדיק קינד...

איך האָב זיך אָנגעבויגן און א קוק געטאָן אין וועגעלע. אויף מיר האָבן ארויסגעקוקט א פּאָר העלע גרוי־סע אייגעלעך, אויף די ווייעס זענען נאָך געהאָנגען טרע־רעלעך ווי פּערעלעך.

— ענלעך צו דיר, טאסיע.

— ניין, גיכער צום טאַטן.

— ווער, טאסיע, איז דער גליקלעכער טאַטע פון דעם קינד?

— אָ, דו קענסט אים זייער גוט. דיין חבר סטיאָפּען. דיין שכן פון דער רעכטער זייט...

---

## װעגן מחבר

מענדל טעמפּעל איז אַ פּנים חדשות אין דער ליטע־ראַטור. די — צען נאָװעלן — װאָס דער לייענער האָט פאַר זיך, איז זיין ערשט ביכל.

און ער איז דאָך נישט קיין יונגערמאַן, — געבוירן אין 1907 יאָר. איז עס אַ װוּנדער. עס טרעפט דאָך זעלטן, אַז אין דעם עלטער זאָל אַ מענטש ערשט קומען אין דער ליטעראַטור. דערװײַסט מען זיך אָבער, אַז די ערשטע לי־טעראַרישע פּרוּוון האָט ער געמאַכט אין דער פריער יוגנט און שפּעטער אויף גאָר לאַנג אַרויסגעפאַלן פון לעבן — װערט דער װוּנדער אויס װוּנדער. דאָס קינסטלערישע װאָרט, די ליטעראַרישע „שמים פון בלוט", האָט געלעבט אין אים װי אין אַ תּפיסה און נישט געהאַט קיין געלעגנהייט זיך אַרויסצורייסן אין דרויסן, צו געפינען אַ תּיקון. ביז ענדלעך איז עס געשען. אין 1958 יאָר האָט ער אָפּגעדרוקט זיין ערשטע דערציילונג (יאַנקל װילקער) אין די „יידישע שריפטן", (װאַרשע), און זינט דאַן האָבן זיך פון צייט צו צייט באַװיזן אין אונדזער פּעריאָדיק זיינע נאָװעלן, װאָס האָבן װאָס װייטער אַלץ אַ גרעסערן אינטערעס אַרויסגע־רופן ביים אויפמערקזאַמען לייענער.

הגם טעמפּעל האָט נישט געהאַט די דערפאַרונג, װאָס קומט פון לאַנגן באַנוצן די פעדער, פון שװערן געראַנגל מיטן מאַטעריאַל, איז ער דערשינען װי אַ פאַרטיקער, רייפער און שטאַרקער שרייבער, כאָטש גיי נעם און מאַך אַ ברכה: „שהחינו", װי איבער אַ פּרי, װאָס איז שוין פאַרטיק מען זאָל פון דעם הנאה האָבן.

אמת, מענדל טעמפּעל איז נישט קיין „מאָדערנער“ שרייבער, ער קען זיך נישט דרייען אויפן „ליטעראַרישן קאַ־רעק“, ער האָט זיך נישט געלערנט די מלאכה צו גיין אויף שטאָלצן. ער פּילט אויף זיך די אָרגאַנישע השפּעה פון דעם דור שרייבער, וואָס איז געקומען נאָך די קלאַסיקער, וואָרום זייערע ביכער האָט ער געלייענט נאָך אין דער יוגנט, דורך זיי האָט ער באַקאַנט דאָס לעבן, וואָס איז געלעגן מחוץ זיין פּערזענלעכער דערפאַרונג. ער „טראָגט אויס“ זיינע נאָוועלן זייער לאַנג אין זיך, פאַרלאָזט זיך נישט אויף דער פאַנטאַזיע, וואָס ווערט געבוירן צוזאַמען מיטן וואָרט. ער ווייס אַלעמאָל וו אָ ס ער וויל אָנשרייבן, געטרויט נישט און גלויבט נישט קיין ניסים. שרייבן באַדייט ביי אים — רעאַליזירן דאָס, וואָס איז שוין פריער רייף געוואָר אין זיין געדאַנק, מאָלן אַ בילד, וואָס שווימט אַרויס פון זיין זכרון, אַרויסברענגען שוין לאַנג איבערגעלעבטע געפילן, וואָס האָבן עד־היום איבערגעלאָזט אין זיין געמיט אַ פרישן שפּור.

ער זוכט נישט קיין טעמעס אין דרויסן, ער זוכט זיי אַלעמאָל אין די אָפּלייג־פּלאַסטן, וואָס דאָס לעבן האָט אָנ־געשיכטעט אין אים גופא. דערמיט, מיין איך, קען מען דערקלערן די פאָלגנדיקע צוויי שטריכן אין זיין ביזאיצטיקן ליטעראַרישן שאַפן: נישטאָ קיין סימן פון אַ זיך קייטלענ־דיקער ליטעראַרישער סעריען־פּראָדוקציע, פון ציקלען; יע־דע נאָוועלע איז ווי עפּעס באַזונדער אַרויסגעכאַפּט פון אַן אַנדער ווינקל פון זיין זכרון, איז פאַרבונדן מיט אַן אַנדער אָרט און צייט, און — דאָס וואָס איז אָנגעשריבן טראָגט דעם כשרן שטעמפּל פון אויטענטישקייט און ערלעכקייט.

מיר דוכט, אַז די סיוזשעטישע ליניעס פון זיינע נאָוועלן פאַלן זיך טאָטאַל צונויף מיט דער אַנטוויקלונג פון אויטענ־טישע פאַסירונגען. דאָס וואָלט געווען אַ גרויסע מניעה אויך אין זיין ביזאיצטיקן שעפערישן וועג, ווען ער וואָלט גלייכ־צייטיק נישט געווען געבענטשט מיט דער פעיקייט צו קענען

קאָמפּאָנירן דעם פאַקטישן מאַטעריאַל, אָפּוואַרפנדיק דאָס נישט וועזנטלעכע און נישט באַדייטנדיקע פאַר אַ קונסטשאַפונג. מיט אַנדערע ווערטער הייסט עס, אַז כאָטש אַזאַ וויכטיקער עלעמענט, ווי די שעפערישע פאַנטאַזיע שפּילט נאָך נישט אין זיין שאַפן די ראָל, וואָס זי וואָלט געדאַרפט שפּילן, פאַרמאָגט ער אָבער אַ געזונטן חוש און באַנוצט נאָר די יעניקע דעטאַלן, וואָס האָבן אַ נויטווענדיקע פונקציע, וואָס דינען דער אַנטוויקלונג פון דער סיוזשעטישער ליניע.

דאָס איז די שטאַרקע זייט פון טעמפּעלס שרייבערישער באַגאַבונג און ס'איז ממש זיך צום הידושן, וואָס ביי אַזאַ אויספעלן פון פּראָפעסיאָנעל־שרייבערישער רוטין, פאַרמאָגט ער דעם צוגאָבלעכן חוש ביים באַנוצן דעם קינסטלערישן דעטאַל, וועלכער פעלט נישט זעלטן ביי מחברים מיט אַ לאַנגן שעפערישן סטאַזש. פונדעסטוועגן דאַרף מיט ערנסט באַטאָנט ווערן, אַז דאָס קראַמפּהאַפּטע קלאַמערן זיך אין דעם אויטענטישן, אין דעם „אַזוי האָט עס פּאַסירט" האַמעוועט אויף אַ קענטיקן אופן זיין קינסטלערישע אַנטוויקלונג. צי האָט טאַקע אַזוי פּאַסירט אין לעבן — קאָן דעם לייענער נישט אָנגיין. אַ קונסט־ווערק האָט זיך זיין אייגן לעבן און יעדן אויטאָר איז געגעבן די פרייהייט נישט נאָר צום קאָמפּאָנירן דעםווירקלעכן לעבנס־מאַטעריאַל, נאָר אים ענדערן, בייטן, דערטראַכטן אים און אויסטראַכטן, כדי צו דערפירן דעם קאָנקרעטן איינצלפאַל צו אַ ברייטערער פאַראַלגעמיינערונג. די קונסט גיט דאָך די פאַראַלגעמיינערונג אין קאָנקרעטן. דאָס נישט אויסנוצן די רעכט אויף אידעיש־קינסטלערישער צילגעווענדטקייט דראָט מיט דער סכנה פון נאַטוראַליסטישע באַגרענעצטקייט. אין אַ גרויסער טייל פאַלן, ווען שרייבער האָבן זיך באַנוצט מיט אַ מאַטעריאַל דירעקט גענומען פון דער ווירקלעכקייט, האָבן זיי נישט נאָר געביטן די סיטואַציע אין הסכם מיט זייער קאָמפּאָזיציאָנעל־אידעישן פאַרטראַכט, נאָר אויך געביטן די מאָטיוון פון האַנדלונג און פאַרשאַרפט דעם סיוזשעט, דער

עיקר דעם סוף, וואָס דאַרף זיין דער לאָגישער, דעטערמי־נירטער — און נישט צופעליקער, ווי עס טרעפט אין לעבן־אַפּאָגיי, פון אַ באַשטימטער לעבנס־דערשיינונג, אָדער פון דער אַנטוויקלונג פון אַ סיוזשעטישער ליניע. אַז דעם קאָן נישט דערגרייכט ווערן דער העכערער, פ י ל אָ ז אָ פ י־ש ע ר זין פון אַ קונסט־ווערק.

איך האָב זיך לענגער אָפּגעשטעלט אויף דעם מאָמענט דערפאַר, ווייל כ'מיין, אַז דער מחבר דאַרף סטימולירט ווערן צו אַ מער פרייערער שפּיל פון דער פאַנטאַזיע, דרייסטער לאָזן זיך אויף אירע פליגל, און ערשט דאַן וועט ער זיך דערוויסן נישט נאָר דאָס וואָס ער קען, נאָר דאָס וואָס ער איז בכוח.

* * *

מענדל טעמפּעל האָט פיל לעקציעס גענומען ביים לעבן. אַז אַנדערער וואָלט דערזען דאָס, וואָס וואַרפט זיך באַלד אין די אויגן — דעם מענטשלעכן אייטער, דאָס מינ־דערווערטיקע, פאַרשפּיגענע.

אָבער אויך דאָ האָט טעמפּעל דערזען קודם דאָס שע־נערע און איידעלערע אין מענטשן, דערזען דאָס, וואָס האָט זיך אויפן דעק פון דער נשמה אויפגעהיט ציכטיק און אין הייליקייט. דאָס זאָגט עדות נישט וועגן עפּעס אַ שטאַנד־פּונקט אָדער צוגאַנג, נאָר וועגן עצם מהות פון דער עטי־שער פּערזענלעכקייט פון מחבר אַליין. דאָס איז נישט סתם עפּעס אַ שטריך, אַז אייגנשאַפט פון ליטעראַרישן כאַראַק־טער — דאָס איז דער כאַראַקטער גופא.

אין דער היינטיקער מערב־אייראָפּעישער ליטעראַטור מערקט זיך בפירוש די טענדענץ צו דערווייזן, אַז דער מענטש איז פון גרונט־אויס שלעכט און פאַרדאָרבן, עס דאָמינירט אין זיין נאַטור דער חיה־אינסטינקט, וואָס ווערט

דורכן געזעץ און די גאָרמאַטיוון פון מענטשלעכן צוזאַמענ=
לעבן געהאַלטן אין צוים. באַמיט ער זיך צו ברעכן דעם
צוים, כדי צו לאָזן פריי זײַן אונטערדריקטן אור=אינסטינקט.
גאָרקי האָט שוין בשעתו געקעמפט קעגן די קענטיקע סימפּ=
טאָמען פון דער דאָזיקער עפּידעמיע אין דער ליטעראַטור
און גערופן די שרײַבער: באַמיט זיך עס זאָל וואַקסן דאָס
גוטע. ער, וועלכער האָט געקאָנט דעם סאָציאַלן דעק בעסער
ווי די טומלדיקע דעק=שרײַבער, האָט נישט פעלשנדיק דעם
אמת פון דער ווירקלעכקייט שטענדיק דערזען, אַז טיף אין
מענטשלעכן האַרצן לעבט דאָס גוטע.

די דאָזיקע גאָרקישע טראַדיציע איז אונדז אַלעמען
טײַער, זי דערהויבט די ראָל פון דער ליטעראַטור. דערפאַר,
ווען מיר טרעפן אַ שרײַבער, אין וועלכן ס'לעבט די דאָזיקע
גאָרקישע טראַדיציע נישט ווי אַ לאָזונג און פּראָגראַם, נאָר
ווי דער טיפסטער נשמה=רוף, ווי אַן אויסדרוק פון דער
ליטעראַרישער עמאַנאַציע פון אַ הומאַנעם כאַראַקטער
גופא — ווײַזן מיר, אַז מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן נישט
נאָר אויף עפּעס וואָס איז סאָציאַל ווערטפול, נאָר וואָס איז
אויך קינסטלעריש ווערטפול.

אין זײַן דערציילונג „אַן עפּיזאָד", דערשפּירן מיר
די גאָרקישע טראַדיציע פון טעמפּעלן. אין איר האָט ער
אנטפּלעקט די רירנדיקע צניעות, ריינקייט, אומאייגנוציקייט
און פשטותדיקע מסירת=נפש פון דעם מיידל טאָסיא.

איך דערמאָן די דאָזיקע דערציילונג דערפאַר, וואָרום
אין איר מערקט זיך בפירוש דער קאָנטראַסט צווישן דעם
וואָס די קאָנקרעטע מענטשן זענען און וואָס זיי וואָלטן
אייגנטלעך געקאָנט זײַן; דאָס ווירקלעכע און דאָס פּאָטענ=
ציאַנעלע; די גרויע וואָך און די שבת=יום=טובדיקייט אַ פאַר=
באָרגענע אין מענטשלעכן האַרצן. אָבער אויך אין אַנדערע
דערציילונגען, כאָטש ווייניקער קאָנטראַסטיקע, מערקט זיך
אָן דער זעלבער מאָטיוו. דער העלד פון דער „שדים=אָזערע",
גאָר נישט אַזאַ וואַזשנער תנא ברה, לעבט אָבער מיט

אַ פֿאַרבאָרגענער כּלל־אידעע: ראַטעווען די זיך טרינקענדי־קע און באַפֿרייען די געגנט פֿון שדים און רוחות; יאַנקל ווילקער קומט אום ווייל ער קען נישט איבערטראָגן די באַליידיקונג אָנצוקומען צו מענטשנס גאָב, ווען ער ווייס, אַז אין מתן בסתר שטעקט אַ באַהאַלטענע נקמה פֿאַר זיין מענטשלעכן שטאָלץ; אין די „קאַטאַקאָמבן" קומען די חסי־דים אום אין התלהבותדיקן טאַנץ, ווי זיי וואָלטן שטאַרבנדיק אונטן, ערגעץ אין דער הויך ארויפֿגעטראָגן עפּעס וואָס ליגט אין זיי, וואָס איז אָבער העכער פֿון זיי און אומשטערבלעך.

פֿאַרשטייט זיך, ס'איז מער ווי ריזיקאַליש צו רעדן וועגן טענדענצן אין דער ליטעראַרישער שאַפֿונג פֿון אַ מחבר, וואָס איז דערווייל געקומען אינגאַנצן מיט אַ צענדליק דער־ציילונגען, אָבער מען דאַרף אָננעמען, אַז אַ מענטש אַנט־וויקלט דאָס מיט וואָס ער איז געקומען. און טעמפּעל האָט שוין מיטן דאָזיקן ערשטן ביכל זיינס באַוויזן, אַז אין דער ליטעראַטור איז געקומען נישט נאָר אַ מענטש מיט טאַ־לאַנט און מיט מעגלעכקייטן (פֿאַרשטייט זיך, נישט אָן אָנ־שטרענגונגען) דורכצומאכן אַ קפֿיצת הדרך אין פֿרט פֿון ליטעראַטור־פּראָדוצירערישער דערפֿאַרונג, נייערט אַ שריי־בער מיט אַן אייגן פּנים, מיט אַ פֿינקטלעך אויג, מיט פֿיע־טעט און ליבע צום וואָרט, מיט אַ געזונטן — אָנגעזאַפּטן פֿון עכטן פֿאָלקסוואל — לשון, מיט אַ ציכטיק האַרץ און מיט אַ הומאַנעם שפּירעוודיקן געוויסן. ער פֿאַרמאָגט פֿאַרב און טאָן. ער איז אַ מאָלער מער ווי אַ דיכטער. אין אים איז דערווייל שטאַרקער דער עפּיקער ווי דער ליריקער, דאָס איז, זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, פֿאַר אַ פּראָזאַיקער, פֿאַר אַ דער־ציילער, גיכער אַ מעלה ווי אַ חסרון.

* * *

לאָמיר דאָס ביכל, וואָס ליגט פֿאַר אונדז, אָננעמען פֿאַר אַ ליטעראַרישן אַוואַנס פֿון אַ נייעם נאָמען. ס'איז

אַ שײנער אַװאַנס און װײזט, אַז מען מעג מיט צוטרוי דערװאַרטן װײטערדיקע פּרילינגען און נײע בליאונגען.

װילט זיך טאַקע באַגריסן דעם זיװוג פֿון אַלט־יונגן מענדל טעמפּעלן מיט דער אַלט־יונגער ייִדישער ליטעראַטור, מיטן אַלט ייִדישן:

— זאָל זײַן מיט מזל!

**שלמה בעלים**

# אינהאַלט